הערש סמאָליאר

# א פשוטער זעלנער

דראַמע אין 3 אַקטן

(זעקס סצענעס)



פאַרלאַג „יידיש בוך" וואַרשע 1952

G. SMOLAR

# PROSTY ŻOŁNIERZ

Dramat w 3 aktach (6 scenach)

Redaktor: B. HELLER

Okładkę projektował: I REJZMAN

Printed in Poland

Wydawnictwo „Idisz Buch" Warszawa 1952 r.

Nr. 23 Ark. druk. 7,12 Ark. wydawn. 6 Druk ukończono w kwietniu 1952 r.
Nakład 5500 egz. Papier dziełowy V kl. 70 g 61x86 cm.
Druk. „Nowe Życie" Warszawa ul Tarczyńska 8 3-B-50322

...באַטווין באַטווין אויף דיין קבר
שטעלן וועלן מיר א מאָנומענט,
און אויף אים וועט שטיין געשריבן:
„באַטווין, באַטווין — דער יונגער העלד“.

(פון א פאָלקס-ליד).

## פּערזאָנען

**לאה** — 55 יאָר אַלט.

**שרה** — איר עלטערע טאָכטער, 28 יאָר אַלט.

**עטקע** — איר יינגערע טאָכטער, 20 יאָר אַלט.

**נפתלי** — איר זון, אין ערשטן אַקט — 16 יאָר, אין די ווייטערדיקע 19 יאָר אַלט.

**רחמיאל** — אַ קאָמפּאַנשטשיק, שרה׳ס חתן, 30 יאָר אַלט.

**זדזשאַראַק** — סעקרעטאַר פון שטאָט-קאָמיטעט פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, 35 יאָר אַלט.

**פּיאָטר** — אַ מעטאַל - אַרבעטער, מיטגליד פון שטאָט-קאָמיטעט פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, 50 יאָר אַלט.

**פּעליע** — אַ סטודענטין, מיטגליד פון שטאָט-קאָמיטעט פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, 21 יאָר אַלט.

**טשערמאַק** — אַ קאָמפּאַנשטשיק, 30 יאָר אַלט.

**ברייטער** — אַ קאָמפּאַנשטשיק, 25 יאָר אַלט.

**דער קרומער שמיל** — אַ קאָמפּאַנשטשיק, 40 יאָר אַלט.

**קאַץ** — אַ קאָמפּאַנשטשיק, 35 יאָר אַלט.

**מאַניש** — סעקרעטאַר פון לעדער-פאַריין, 45 יאָר אַלט.

**פריד** — „פראַנץ-יאָזעף" — אייגנטימער פון וואַרשטאַט, 55 יאָר אַלט.

**דער הויף-זינגער** — אַן עלטערער ייד.

**זאַרעמבאַ** — עלטערער קאַנדידענט, 40 יאָר אַלט.

מוליק — קאַנפּידענט, 26 יאָר אַלט.

מאַליאַווסקי — קאַנפּידענט, 30 יאָר אַלט.

א שכנטע

ערשטער, צווייטער צייטונגס-פאַרקויפער.

צוויי יינגעלעך און א מיידעלע.

ערשטער, צווייטער, דריטער פּויער

עקזעקוטאָר.

צוויי פּאָליציאַנטן.

עלטערער ייד.

מיטליערי קער ייד.

פרוי אויפן בריקל.

יונגע פרוי.

מיידל.

יידישע אַרבעטער.

פּוילישע אַרבעטער.

אוקראַינישע אַרבעטער.

כּרזיען.

מענער.

סתם דורכגייער.

צייט — נאָך דער ערשטער וועלט-מלחמה.

אָרט — א גרויסע שטאָט אין פּוילן.

צווישן דער צווייטער און דריטער סצענע גייען דורך 4 וואָכן.

צווישן ערשטן און די איבעריקע אַקטן גייען דורך דריי יאָר.

# ע ר ש ט ע ר   א ק ט

## 1־טע סצענע

אויפן האלב־טונקעלן הינטערגרונט פונם פֿאָרהאנג באווייזט זיך רעכטס פון דער בינע דער הויף־זינגער. אַן עלטערער ייד מיט אן אונטערגעשוירן גרוי בערדל, דעם רעכטן פוס אויף א קוליע, פֿאַרייסט אַלע מאָל די אויגן אין דער הויך.

דער הויף־זינגער (זינגט):

אוי, נישט פאר מיר, נישט פאר מיין געבייך
עס קומט די זון אויף און די שטערן.
פאר מיר איז ס'לעבן בלויז איין גרויס געוויין,
פאר מיר איז דאָ אלץ פארלוירן.

א היים געהאט מיט קינדער פיל.
— וו זייט איר טייבעלעך פארפלויגן?
פארגנבהט האט אהער זיך אין דער שטיל
(שרייט אויס) די שלאנג! (זינגט) זי טוט דאָס בלוט פון אונדז אויסזויגן

(קוקט זיך ארום אויף רעכטס, אויף לינקס, פאררייסט די אויגן, שרייט אויס): ווארפט עפעס אראָפּ א יידן א קאליקע. גיט מיר, כ'בעט אייך, אויף א שטיקל ברויט.

עס עפנט זיך פאמעלעך דער פֿאָרהאנג. ס'פארשווינדט דאָס ליכט, וואָס האָט באַלויכטן דעם הויף־זינגער.

א בוידעם־שטיבל. דורכן אָפענעם פענצטער, רעכטס פון דער בינע, זעט זיך א שטיקל דאך.

אינם צימער — אלט, אָפּגעניצט מעבל: אַ נישט צוגעבעט געלעגער, אַ צעראַטענע, האלב־אויסגעריבענע קאנאפּע, אַן איינגע־הויקערט שענקל. צוקאָפּנס פון דער קאנאפּע — אַ ניי־מאשין, פאַרוואָרפן מיט נישט־פאַרענדיקטע קליידלעך, וועש. אויף דער לינ־קער וואַנט — אַ שפּיגל. אויף דער פראָנט־וואַנט — אַ טירל צום בוידעם, פאַרהאָנגען מיט אַ גרויער קאָלדרע. אין דער טיף — אַ פּליטע מיט אָנגעוואָרפענעם קיך־געשיר. אויפן נאַקעטן טיש — אַ יאָרצייט־ליכט אין אַ גלאָז.

אויף אַ פּיסבענקעלע זיצט לאה, מורמלט עפּעס, ווי זי וואָלט אַ תּפילה געזאָגט. דאָס פּנים איז ביי איר פאַרשטאַרט, צעקנייטשט. די אויגן רויט־אָנגעשוואָלן. קליין, איינגעדאַרט, איינגעבויגן. קוקט אויף קיינעם נישט.

ביי דער ניי־מאשין זיצט שׂרה. דעם קאָפּ האלט זי איינגעגראָבן אין די הענט. אומבאַוועגלעך, ווי זי וואָלט געדרימלט.

ביים פענצטער שטייט עטקע. קוקט זיך אום פון מאָל צו מאָל איבערן צימער, שטעקט אַרויס דעם קאָפּ דורכן פענצטער. צוקט מיט די אַקסלען, ווי ס׳וואָלט איר אַדורך אַ קעלט איבערן לייב. הערט זיך אַריין צום מאָנאָטאָן־וויינענדיקן געזאַנג פונם הויף־זינגער, וואָס דערגייט אַהער פונם הויף.

הויף־זינגער (זינגט):

פון אייך איך בעט אַ שטיקל ברויט,
איר זאָלט מיך, ברידער, נישט פאַרשעמען.
פאַר פּיין און צרות און גרויס נויט —
איר זאָלט נאָר, ברידער, פאַר אַלץ אָפּנע—עמען.

עטקע:
(בעת דער לעצטער סטראָפע פון דעם הויף־זינגערס ליד מאַכט זי כעסדיק צו דאָס פענצטערל. דאָס געזאַנג ווערט פאַרטויבט. עס רייסט זיך דורך דער אויסגעשריי פון הויף: „וואַרפט עפּעס אַראָפּ"... עטקע גייט איבערן צימער, בלייבט אינמיטן שטיין, רעדט צו זיך): פּונקט צום האַרצן...

(נעמט אַ שטיקל ברויט, וואַרפט עס אַראָפּ. גייט צו צום שפּיגל, בלייבט אַ פאַרשטאַרטע שטיין, קוקט ערגעץ איבער אים).

לאה:

(הייבט שווער אויף איר בליק, שטעלט אים שארף אָן אויף עטקען)
פאַרשעם אים נישט... איך בעט דיך...

שרה:

(כאַפּט זיך א דערשראָקענע פון דער מאַשין. פּינטלט מיט די צו־גענשמורעטע אויגן) וואָס רעדסטו, מאַמע? וועמען מיינסטו? רחמיאלן?

לאה:

(קוקט נישט אין שרהס זייט, רעדט העכער, פאַרביסן). דעם טאַטן מיין איך, דעם טאַטן! (צו עטקען) הערסט? פאַרוואָס פאַרדעקסטו נישט דעם שפּיגל?!

שרה:

(הייבט זיך האַסטיק אויף פונם בענקל, רוקט ברוגזדיק אָפּ עטקען פונם שפּיגל און פאַרדעקט אים מיט א טונקעלן קאָפּ־טוך) נאָך דאָס האָט געפעלט. אייניקער דעם אַנדערן יאָרצייט! (שנורעוועט אָפּ די שיך, טוט זיי אויס, קערט איבער די טאַבורעטקע, לאָזט זיך אראָפּ אויף איר).

עטקע:

וואָס האָסטו געמיינט? דאָס גאַנצע יאָרצייט האָט דער טאַטע מיט זיך מיטגענומען? ס'עט נאָך פאַר אונדז אויך סטייען... (קוקט אויף לאהן. גייט צוריק צום פענצטער, עפנט אים, בייגט זיך אַרויס און מאַכט אים האַלב צו. שוידערט אויף) ושרה, אפשר אייטהייצן די פּליטע? עס טרייסלט א צאָן אין א צאָן (קוקט זיך ארום, ווי זי וואָלט עפּעס געזוכט אָנצוטאָן אויף זיך. שטעלט אָן איר בליק אויף דעם טיכל, וואָס פאַרדעקט דעם שפּיגל) אין אזא כעין... אין אזא נאַסער ערד... (גייט איבערן צימער. עס דערהערן זיך אייליקע טריט אויף די טרעפּ. רעדט גלייכגילטיק) מ'קאָן מיינען — כ'ווייס וואָס פאַר א נייעס ער ברענגט...

לאה:

(פאַרקוקט אין אַן אומבאַשטימטן פּונקט, שאָקלט הין און צוריק מיטן קאָפּ) טראָג אַרויס נפתלין א קווערטל וואַסער.

שרה:

(הייבט זיך אויף, שעפּט אָן א מעשן קוואַרטל וואַסער, גייט צו דער טיר).

סיקומט אריין נפתלי. א קליינגעוויקסיק, בלאַס ייִנגל פון א יאָר 16. אָרעם אָנגעטאָן, די שיך פאַרבלאָטיקט, די הויזן פאַרקאַטשעט — א דורכגעווייקטער פון רעגן, און איינגעהויקערטער פון קעלט. ער נעמט ביי שרהן דאָס קוואַרטל, גייט אַרויס, קומט גלייך צוריק, ווישט די הענט אין די הויזן.

נפתלי:

(איינטאָניק) ער וואַרט דאָרט אונטן... דער ייִד... פון דער חברה־קדישא... ער מאָנט זיך...

עטקע:

(בייז) ביים מלאך־המות זאָל ער מאָנען (פּויזע) אָדער ביים שווי־גערס ייִד (מיט גאַל) ביים רב, ביי רב גוטמאַנען. (מיט טרערן, אויפגערעגט) ער האָט דאָך מיך אַפילו אויסהערן נישט געוואָלט... מ'קאָן אים טראָגן, זאָגט ער, אין א מיטה. די עגלה, זאָגט ער, איז נישט פאַר אייך...

נפתלי:

(איינטאָניק) מאַמע, דער ייִד שווערט זיך, אַז עס קומט אים... דו האָסט דאָך אים צוגעזאָגט. ער לעבט דאָך דערפון...

לאה:

(קוקט טרויעריק אויף שרהן, וועלכע כאַפּט אויף מיט א צאַפּל דער מאַמעס בליק אויף זיך) וואָס שטייסטו?

שרה:

(שטייט אויף א פאַרצווייפלטע, מאַכט מיט די הענט, ווי זיך צום שיצן. בלייבט רעזיגנירט) וואָס איז מיר שוין געבליבן? ס'וועט דאָך שוין באַלד אויף קיין ברויט נישט סטייען.

לאה:

(שטייט אויף פון איר בענקעלע)

שרה:

(א דערשראָקענע, קוקט אויף דער מאַמען) וואָס גייסטו טאָן, מאַמע?

לאה:

(קוקט נישט אין שרהס זייט, גייט צו צו דער פראָנט־וואַנט, דעקט אָפּ די קאָלדרע און קריכט דורך אין בוידעם־טירל. שרה, עטקע, נפתלי, באַגלייטן איר מיט אָנגעשטרענגטע בליקן. לאה קומט צוריק, האַלט אַ צוזאַמענגעדרייט מלבוש, צו נפתלין) גיי, טראָג עס אים אַראָפּ, דעם טאַטנס קאַפּאָטע.

(נפתלי קוקט דורכדרינגלעך אויף לאהן, אויף די שוועסטער. ער נעמט אומאומעטשלאָסן די קאַפּאָטע. גייט צו דער טיר).

עס הערן זיך טריט אויף די טרעפּ. נפתלי פאַרהאַלט זיך. עס קומט שטיל אַריין רחמיאל. דאָס בלאַסע פּנים נישט ראַזירט. אויף דער מאַרינאַרקע און די הויזן — ווייסע, איינגעטריקנטע פלעקן פון קליי. ער באַגעגנט זיך מיט נפתלין ביי דער טיר. מעסט אים אָפּ מיטן בליק, אַראָפּלאָזנדיק בעת־מעשה דעם אויפגעשטעלטן קאָל־נער פון דער מאַרינאַרקע. באַטראַכט אַלע אַרום. נעמט ביי נפתלין צו די קאַפּאָטע.

רחמיאל:

ס׳עט צוניץ קומען. (גיט איבער שרהן דעם מלבוש) וואָס אײַלט איר זיך אַזוי מיטן צעטיילן די ירושה? (ווײַזט אויף נפתלין) ווי לאַנג נאָך וועט ער טראָגן די צעלעכערטע נאַגעווקעס? ער פאַלט דאָך שוין אַרויס פון זיי (אירָאָניש־ווייך) דער פּרנסה־געבער.

נפתלי:

(קוקט מיט איין אויג כעסדיק אויף רחמיאלן, רעדט ווי צו זיך) דער ייד... אַהנטן... (אויפגערעגט, צו שרהן) איך פאַרשטיי נישט — ער לעבט דאָך דערפון!

רחמיאל:

וו׳הייסט ווי דען? ער לעבט דאָך דערפון, וואָס אַנדערע שטאַרבן (קוקט אָן מיטפילנדיק נפתלין, נעמט זיך צו דער בוזעם־קעשענע, שלעפּט אַרויס אַ פּעקל באַנקנאָטן, נעמט זיך צו אַ צווייטער קעשע־נע — נעמט פון דאָרט אויך אַרויס אַ הויפן צעקנייטשטע פּאַפּיר־לעך, ציילט, צו עטקען) גיי, עטקע, טראָג עס אים אַראָפּ. (דערלאַנגט איר די באַנקנאָטן) צעריכן זיך.

עטקע כאפט אויף זיך אן אלטן אָפּגעטראָגענעם מאנטל, גייט אראָפּ. נפתלי קוקט ווי פריער, מיט איין אויג, אויף רחמיאלן. ציט אראָפּ די שיך. דרייט אויס איבערן עמער די אָניטשעס.

רחמיאל:

(גייט צו צו שרהן, זעצט זיך לעבן איר, רעדט ווייך, מיטפילנדיק) כ'האָב נישט געקאָנט, שרהלע, באין אופן נישט געקאָנט קומען צו דער לוויה.

שרה:

(מיט ווארעמקייט אין בליק) וואָס עפּעס אזוי פרי פון דער ארבעט? (עטקע קומט אָן, טוליעט זיך שטארקער אין דעם מאנטל, קוקט אין שרהס זייט) וואָס עפּעס רחמיאלקע? ביזט היינט נישט געגאנגען טאָן?

עטקע און נפתלי הערן זיך נייגעריק צו. לאה, ווי פריער, שאָקלט מיטן קאָפּ הין און צוריק.

רחמיאל:

(מיט אן אראָפּגעלאָזטן קאָפּ, ווישט זיך דעם שטערן) שוין נאָך דער ארבעט...

שרה:

וואָס עפּעס? אין סאמע סעזאָן, פאר סוכות? ניין, טאקע...

רחמיאל:

(רעדט, נישט קוקנדיק אויף קיינעם) א האלבן טאָג געפּטרט אויף דעם שטיק בראָך, אויף מאַגישן. איך רעד צו אים, טענה איין און איין, אז ס'איז שוין איבערן האלדז. (הייבט אויף דעם קאָפּ, צו שרהן — אויפגערעגט) מ'עט דאָך שוין באלד דארפן נייען א מאָרדבע צו טראָגן אין קלייט די מיליאָנען מארקן פאר אביסל קאַשע.

עטקע:

אווהאַי, אָבער וואָס האָט דאָ מאַניש צו זאָגן! ביי אים איז רען דאָס מיניסטערסטווע?

רחמיאל:

(ווי נישט הערנדיק זי) דער פראַנט־יאָזעף און דער קייזער קריכט שוין אויף די גלייכע ווענט. איצט, איר הערט — דווקא איצט וויל ער צאָלן

פון שטיק און דאָס איין פּרייז — פיר הונדערט טויזנט פון פּאַר באַליעוועקעס. און מאָרגן (כאַפּט זיך) וואָס מאָרגן? אפשר נאָך היינט אין אָוונט וועט מען פּאַר די פיר מאָל הונדערט טויזנט סמאַרקעס נישט קריגן קיין פּעקל זאַפּלקעס! (באַרואיקטער) אָט אין דעם טאַקע גייט דאָך עס אים, דעם מייסטער אונדזערן.

נפתלי:

וואָס הייסט? און ער אליין פאַרשטייט דען נישט? אָט נעם מיך — היינט קאָסט ביי מיר אַ בלאָט טייערער ווי נעכטן. ווער פאַרשטייט עס דען נישט? עס קאָן דען אַנדערש זיין?

רחמיאל:

(קוקט נישט אויף נפתלין, רעדט צו שרהן) מענה איך צו אים, צום סעקרעטאַר, צו מאַנישן: ווי לאַנג נאָך וועלן מיר אַזוי ציען? ס׳-וועט נעמען אַמאָל אַן עק, צי נישט? (סאַרקאַסטיש) ער האָט צייט (מאַכט נאָך אָפּשפּאָטנדיק) ער פירט זיך פאַמעלעך מיט דער גראָ-בער צונג איבער זיינע פעטע ליפּעס, ציקלט אויס דעם אונטער-שריפט איבער די פאַריינס־ביכלעך און רעדט זיך אַזוי געלאַסן, געלאַסן. איס איז, קענטיק, אַ שאָד מיט אַ מאָל, ווייל ער ביסלעכ-ווייז אָפּנעמען ביי אונדז די נשמה (לאָזט אַראָפּ דעם קאָפּ).

עמקע:

אויף דעם איז ער אַ מייסטער — איינער אין דער וועלט! דערפאַר קריגט ער דאָך פּענסיע.

שרה:

וואָס קאָן דיר שוין מאַניש זאָגן? הו ביזט דען גישט געריכט?

רחמיאל:

וואָס ער קאָן זאָגן? איין פּסוק האָט ער (מאַכט נאָך) „נאָר אָן אַנאַרכיע! מ׳דאַרף קודם אַלע וואַרשטאַטן אָרגאַניזירן ביי מיר אין פאַריין, מ׳דאַרף אַ רעד טאָן מיט די באַלעבאַטים" — אָט דאָס איז זיין רייכעכץ און דאָס איז זיין טועכץ (אויפגערעגט) אַ בראָך זאָל עס נעמען מיט אַזאַ טאָן!

שרה:

(פאַרדאַגהט) מאַ וואָס־זשע, רחמיאלקע, קאָן מען טאַקע טאָן?

רחמיאל:

מ׳האָט שוין געטאָן...

אלע קוקן אים שארף אָן. לאה הייבט אויף אויף אירע שווערע אויגן־לעפלעך אויף רחמיאלן.

רחמיאל:
(הארט, אנטשלאָסן) מיר גייען נישט צו דער ארבעט. מיר שטרייקן!

נפתלי:
(מיט פארוואונדערונג אין די אויגן) שטרייקן? און אויף פרנסה ווו וועט איר נעמען?

שרה:
עט עס דען העלפן, רחמיאלקע? אז אויף יעדעם שטיקל ארבעט זיינען פאראן צען בעלנים.

רחמיאל:
(מיט א געהעכערטער שטימע) הונדערט בעלנים! טויזנט בעלנים! איז וואָס? וועט מען אונדז גיין אין וועג אריין? (מאכט א דראָענדיקע באוועגונג מיטן פויסט) זאָל עמעצער פרווון...

נפתלי:
(צו שרהן) וואָס הייסט פרווון? ווער וויל עס נישט פארדינען? לאָמיך איין טאָג נישט קומען אָפּנעמען די בלעטער — זיינען באלד דאָ צוואַנציק אויף מיין אָרט. חדר־יינגלעך, פיצלעך — שטייען אָפּ גאַנצע טעג און ווארטן נאָר אויף א געלעגנהייט. איז וואָס וואָלט איך געקאָנט דאָ אויפטאָן? כאָטש נעם און גיי זיך וואַרעמען ביים אויוון אין בית־מדרש?

לאה:
(פאראומערט, מאָנאָטאָן) וואָלסט אריין צו די שכנים, גערופן א מנין, קדיש געזאָגט...

שרה:
(צו רחמיאלן) וואָס קאָן מען טאקע אויפטאָן? אז מאַניש וויל נישט, איז דאָך א סימן, אז אלע זיינע לייט ווילן אויך נישט.

רחמיאל:
וואָס אי, זיי זיינען מיליאָנערן? ווי מיינסטו, שרה, זיי צאָלט דער באַלעבאָס מיט דאָלאַרן? (פויזע, רעדט איינגעהאלטענער) אוודאי, אז מאַניש זאָגט — ניין! באַמקען אלע זיינע בונדיסטן צו (פויזע)

הייסט אינדערפרי — מעגסט עס הערן, עטקע, — ווען מיר האבן זיך צונויפגערעדט, אז קיינער גייט נישט טאָן, האָט דער קרומער שמיל געגומען דרשנען: „ס'איז נישט דאָס, ס'איז אנארכיע, ס'איז דיקטאטור". נו, האָט אים אונדזער עולם ארייגעזאָגט, ווי ס'קער צו זיין — באשר, ער דאוונט פון א פרעמד סידורל, ער שלוקערצט אָפּ מיט מאָנישן. איז ווי מיינט איר? (ווינקט פריילעך מיט אן אויג) וואָס דען — א געכטיקער איז ער?! ער ווייסט דען נישט ווי טייער עס איז א פונט חמץ?! (חזרט איבער די דראָענדיקע באוועגונג)

נפתלי:

(רוקט זיך אָפּ, צו שרהן) כ'האָב שוין געזען, וואָס מ'קאָן הערמיט אויפטאָן. איך פארליר עס נישט. ס'נישטאָ דער טאָג, אז ביי אונדז אויפן מיידאן זאָל איינער דעם אנדערן נישט אונטערהאַקן די זייטן, די אויגן. איך ליד עס נישט.

רחמיאל:

א צער־בעל־חיימניק ביזטו, וואָס?

נפתלי:

איך פארליר עס נישט און גאָר. כ'פארשטיי נאָך צווישן קלייגוואַרג, לאָבוזעס — אָבער גרויסע זאָלן זיך שלאָגן? און אלץ איינענע דוכט זיך, יידן?

רחמיאל:

(קוקט שטרענג אָן נפתלין) אז אן איינגענער פארדינט קלעפּ — הערט ער אויף צו זיין אן איינגענער, פארשטייסט, צי ניין?

נפתלי:

(איראָניש) נישט קיין איינגענער? איז ווער־זשע איז ער הערמלט — א גוי?

רחמיאל:

(שאָקלט באדויערנדיק מיטן קאָפּ, קוקט אָן נפתלין, וועלכער דרייט אָפּ זיין בליק)

לאה:

זעט נאָר, זעט — אזוי ווי קיינמאָל גארנישט (הייבט זיך אויף, גייט צו צו דער פליטע, בלייבט שטיין) לאָז אים אָפּ, רחמיאל, כ'בעט דיך. א יתום איז ער, א יתום! וואָס פארהאַקסטו אים דעם קאָפּ

מיט דיינע מעשיות (צו נפתלין) נפתלסע, קדיש דאַרף מען זאָגן...
(האַקט פּלוצעם איבער, ווי דערשראָקן) שאַ כאַר!

עס הערן זיך שנעלע טריט אויף די טרעפּ, עס פּאַלט אריין האַסטיק די שכנטע, אַן אָרעם־געקליידעטע יידענע מיט אַ קאָפּ צע־פּאַטלטע האָר.

שכנטע:

(הייבט אָן מיט אַ קוויטש, לאָזט באַלד אראָפּ פון טאָן, ווי סיוואָלט איר אויסגעפעלט אָטעם) די באַגראָבערס זיינען דאָ...

אַלגעמיינע דערשטוינונג

עשקע:

(בייז, גאַליק) זעסט, ווען זיי האָבן זיך דערמאַנט? דעם צדיק אין ציילינדער, רב גוטמאַנען האָט עס, ווייזט אויס, אַ סקראָבע געטאָן. איצט, ווען דער טאַטע ליגט שוין אין דר'ערד — איצט שיקט ער די באַגראָבערס. אפשר כאָך מיט דער עגלה הערצו? (צו דער שכנטע מיט כעס) זאָלן זיי זיך אויסקערעווען, (ווייזט מיטן פינגער דורכן פענצטער) כאָך אים זאָלן זיי פאָרן...

שכנטע:

(שטייט די גאַנצע צייט מיט פאַרחידושטע, ברייט צעעפנטע מויל און אויגן. פון הויף הערן זיך אויסגעשרייען, אַ לויפעניש) וואָס רעדט איר וואָס, מענטשן?! נישט די באַגראָבערס. די עקזעקוטאָרן זיינען דאָ! זיי גייען פון שטוב צו שטוב. געוואַלד, סעקווע־סטרירן! וואָס טוט מען? וואָס שטייט איר, יידן?

(די שכנטע לאָזט זיך צוריק צום טיר. אַלע כאַפּן זיך פון די ער־טער. סיווערט אַ לויפעניש, רחמיאל בייגט זיך ארויס פון פענצטער. נפתלי כאַפּט אויף זיך דעם טאַטנס קאַפּאָטע)

שרה:

(בלאַס, דערשראָקן) מאַמע, די מאַשין...

לאה:

(שלעפּט טעפּלעך, שטעלט זיי אויפן טיש, כאַפּט דעם בעזים, בלייבט שטיין אַ צעטומלטע) די ניי־מאַשין, אַ ווייטיק איז מיר!

רחמיאל:

(שלעפט אראָפּ דאָס קעפּל פון דער ניי־מאשין, קוקט זיך ארום, פּאַקט עס אריין אין בעט) נפתלקע — היידא; כאַפּ זיך גיך אריין אין בעט. ביזט קראַנק... פאַרשטייסט?!

נפתלי:

(דערשראָקן. באַלד ענדערט זיך דער אויסדרוק אויף זיין פּנים, שטיל — פאַרעקשנט) ניי, ניי, כ'על מיך נישט לייגן...

שרה:

(פאַלט אָן אויף אים) מ'רעדט דאָך צו דיר עפּעס! (פאַרצווייפלט) מאַמע, זע נאָר...

נפתלי:

(נאָך מער פאַרביסן) כ'על מיך נישט לייגן און א סוף!

עטקע:

(בייגט זיך ארויס דורכן פענצטער, שרייט אריין אין צימערל) זיי זיינען דאָ... זיי זיינען אונטן! (טאַנצט אָפּ פון פענצטער, לאָזט זיך צו דער טיר, ווי וועלנדיק זי פאַרשטעלן)

לאה:

(הייבט אָן אַראָפּשלעפּן פון זיך דעם שפּענצער) א ווייטיק איז אונדז... אלעמען... ס'איז נאָר מקנא צו זיין... דעם טאַטן... (קריכט און בעט אריין, עס טרייסלט זי א צאָן אין א צאָן) יתומים זיינען מיר, קליי־נע־ליכע יתומים... נישטאָ ווער עס זאָל זיך אננעמען...

רחמיאל:

קלאָגט נישט, לאה! לייגט זיך און ליגט...

(עס הערן זיך שווערע, פּאַמעלעכע טריט. סקומט אריין דער עקזעקוטאָר אָנגעטאָן אין אן אוניפאָרם)

עקזעקוטאָר:

(כאַפּט א בליק פול מיט פאַרדאַכט אויף אלע ארום. לייענט ארויס פון א פּאַפּיר, באַשטעטיקנדיק) דאָ וווינט לייביש באַמווין...

רחמיאל:

(איילִיק) ניין, פּאַניע, נישט דאָ... אויפן בית־עולם.

עקזעקוטאָר:

(שלעפט ארויס א בלייפעדער מיט פאפיר, צו רחמיאלן) איייער נאָר מען? פאמיליע? חכמענען ווילט זיך אייך?! אויף אן אנדער אָרט! (מאכט א דראָענדיקן זשעסט) מ׳פרעגט אייך — ענטפערט!

רחמיאל:

נו יאָ, זוי רען... מ׳ענטפערט דאָך. ער איז געשטאָרבן (ווייזט אויף דעם יאָרצייט ליכט) היינט ערשט באַגראָבן...

עקזעקוטאָר:

(ציניש) מ׳קען זיך אויף די שטיק (קוקט אָן לאהן) און איר, וואָס? קראנק, א? אויף טיפוס מסתמא?

לאה:

(קרעכצט) קראנק, פאניע לעבן, זייער קראנק.

עקזעקוטאָר:

(ווארפט א שטרענגן בליק אויף אלעמען, לייענט פון פאפיר, פריער מורמלענדיק, דערנאָך העכער) „...האָט דאָס געריכט באשלאָסן — פאר נישט צאָלן קיין לאָקאל־שטייער (מעסט אָפּ מיטן אויג פון פאפיר ארויס דאָס צימער) אין משך פון 18 חדשים, איז ביי לייביש באָטווין אפגעשריבן געוואָרן איין ניי־מאשין פירמע „זינגער" אין דעם ווערט פון 24 מיליאָן מארק; א געניצטע רעמבענע שאפע, אין דעם ווערט פון 7 מיליאָן מארק; א צעראטענע קאנאפע — 3 מיליאָן מארק, א סאָסנאָווער טיש(נישטערט מיטן בליק איבערן צימער, ווי ער וואָלט נאָך עפּעס געזוכט) צוזאמען אין דעם ווערט פון 38 מיליאָן 450 טויזנט מארק...

(סיקומען אריין שכנים — מענער, פרויען, מיט אָנגעשטרענגטע, דערשראָקענע אויגן פאָרשן זיי נאָך יעדע באוועגונג פונם עקזעקוטאָר. צווישן די געקומענע טיילט זיך באזונדער אויס דער גרויער קאָפּ פון פ י אָ ט ר. ער איז אָנגעטאָן אין שווארצע פארפעצטע ארבעטס־מלבושים, האלט דאָס היטל אין איין האנט, מיט דער צווייטער ווישט ער אָפּ זיינע גרויע וואָנצעס).

עקזעקוטאָר:

(באמערקט נישט די אריינגעקומענע, ווארפט דורך מיט די אויגן דאָס פאפיר,כאפט זיך, לייענט ווייטער) ...דער אורטייל גייט אריין אין קראפט און אלע אויבנדערמאָנטע שטיבזאכן ווערן קאָנפיסקירט

לטובֿת דעם מלוכה־אוצר" (באטראכט אלעמען. זיין בליק בלייבט פארחידושט שטיין אויף פיאָטרס רויִק געזיכט).

פּיאָטר:

(רוקט זיך פאָרזיכטיק, נישט פארטשעפענדיק קיינעם, נענטער צום עקזעקוטאָר. רעדט שטיל, געלאסן) עס לוינט זיך רעדן? (ווייזט מיט ביטול אויף די זאכן ארום)

אלעמענס בליקן ווענדן זיך דערשטוינטע אויף פיאָטרן. רחמיאל דערנענטערט זיך צו אים מיט אן אויסדרוק פון אנטציקטקייט אין זיינע אויגן. נפתלי גייט נאָך רחמיאלן, דריקט זיך צו צו אים

עקזעקוטאָר:

(פינטלט מיט די אויגן, פון וועלכע עס קוקט אַרויס רציחה) וואָס הייסט צי ס'לוינט זיך! ווער זייט איר עס, ווער? ווי קומט איר, א פּאָליאַק, אָט אַ דאָ? (ווייזט פאראכטנדיק אויף אלץ ארום)

פּיאָטר:

(קאלטבלוטיק, מיט געמאכטער געמיטלעכקייט) א שכן, פאניע, א שכן. אָט דאָ, אונטן, אלע יאָרן וואוינען מיר דאָ.

עקזעקוטאָר:

(באפעלעריש) וואָס פארלאַנגט איר אייגנטלעך? איר ווייסט צו וועמען איר רעדט?

פּיאָטר:

(ענערגיש) א מענטש זייט איר, פאניע, צי נישט? וואָס וועט איר פון זיי נעמען? אָרעמע לייט, וואָס האָבן זיי? צרות...

נפתלי רוקט זיך נענטער צו צו פיאָטרן. קוקט אויף אים מיט פארחידושטע, ווארעמע אויגן.

פּיאָטר:

ווער דאַרף עס האָבן זייערע לאַכעס? ס'איז דאָ גענוג ביי וועמען צו נעמען. א שטיקער פראַנצויזישער אירזשיק — ער האָט א פאַבריק, אַ, זעט איר... יונה שפּרעכער — א גאַס מיט קאמעניצעס, די גרעסטע אין שטאָט...

עקזעקוטאָר:

(מיט אן אָפּגעהאקטן אָטעם, דיכעט אויס) אזוי גאָר? (לאָזט זיך צום טיר, קערט זיך אום, שרייט) דאָ איז נישט באָלשעוויע! כ'בין

א מלוכה־באאמטער, פארשטאנען? און איר ווילט מיר שטערן אין מיין דינסט! איר ווייסט מיט וואס עס שמעקט?! (פראלט אויף די טיר, שרייט אראפ.) טרעגערס — ארויף! נעמט די מאשין, די שאפע...

פיאטר:

(רוקט זיך ענערגיש ארויס פון פארנט, פארלייגט א האנט אויף א האנט) מען נעמט נישט, פאניאוויע!

נפתלי:

דריקט זיך צו צו פיאטרן, עסט זיך איין אין אים מיט צעשטראלטע אויגן

פ אַ ר ה א נ ג

## 2־טע סצענע

פארן פארהאנג באווייזט זיך דער הויף־זינגער. שפילט און זינגט פריער שטיל, נאכדעם העכער.

הויף־זינגער:

מען נעמט פון אונדז דאס לעצטע קליין,
דעם לעצטן ביסן ביי יתומים.
א נאכט א פינצטערע ט'זיך אויסגעשפרייט,
און דריקט, און שטיקט, און שווינט אונדזן קיינעם.

אוי, נעמט־זשע ברידער זיך צונויף
און צו דעם ליכט שטרעקט אויס די אויגן.
די פלייצעס גלייכט אויס און דעם קאפ־ארויף
פאר קיינעם זאלט איר זיך נישט בוי־ויגן.

נאך דער לעצטער סטראפע גייט ער פאמעלעך דורך, פון רעכטס אויף לינקס פון דער ראמפע. פארשווינדט. פון דער ווייטנס הערט זיך דער אפקלאנג פון דעם ניגון.

א קלײנער פּלאַץ מיט דרײ אױסגענג אין שכונהדיקע געסלעך. אין מיטן פּלאַץ — אַן עלעקטרישע לאַמטערנע, צו װעלכער עס ציען זיך דראָטן פֿון די אַרומיקע הײזער. עס גײען פֿאַרבײ דעם פּלאַץ אײנצלנע מענטשן, פֿאָרלעך — אָרעם געקלײדט.

אױף דער ערד, אָנגעשפּאַרט אָן דער לאַמטערנע דרימלט, א מידער, נפתלי, אײנגעקנױלט אין א קורטקע, װאָס זעט אױס, װי די אױסגעגעקירצטע קאַפּאָטע פֿונם טאַטן. לעבן אים, בײ דער זײט, ליגט א שמוציקע ליװנטענע טאָרבע מיט יידישע צײטונגען. פֿון א זײטיק געסל קומען אָן, אײנער נאָכן צװײטן, בײדע צײטונגס־פֿאַר־קױפֿער — ייִנגלעך אין נפתליס עלטער.

ערשטער צײטונגס־פֿאַרקױפֿער:

(שטעלט אָפּ דעם צװײטן) אױב ער איז אױף דער בערזע אױך ניש־טאָ, קאָן מען רעכענען אַזױ גוט, װי ער װאָלט אױסגערונען.

צװײטער צײטונגס־פֿאַרקױפֿער:

װו װעט ער זיך אַהינטאָן? ער איז דאָרט זיכער דאָ. גאַנצענע טעג דרײט ער זיך דאָרט אַרום. האָסט געזען — א יאָט זאָל זיך אױס־קלױבן א פּונקט צװישן הױלע קבצנים. װער קױפֿט בײ אים א בלאַט?

ערשטער צײטונגס־פֿאַרקױפֿער:

ער האָט שױן זײנע קליענטן. װאָס? װײסט הען נישט?

צװײטער צײטונגס־פֿאַרקױפֿער:

(באַמערקט נפתלין. פֿאַרחידושט) זע, אָט איז ער דאָך! (מיט מיט־לײד אױפֿן פּנים) אײנגעשלאָפֿן.

ערשטער:

אין אַזאַ קעלט — אײנגעשלאָפֿן. מ׳דאַרף אים א װעק טאָן (שלײכט זיך שטיל צו צו נפתליס טאָרבע, שלעפּט פֿאָרזיכטיק אַרױס א פּאָר צײטונגען, גײט צו צו דער לאַמפּע, שרײט אױס): א „הײנט״! א „מאָמענט״! א „יידיש װאָרט״!

נפתלי:

(כאַפּט זיך אױף, באַטראַכט דורכדרינגלעך בײדע צײטונגס־פֿאַר־קױפֿער, צעשמײכלט זיך) זע, מ׳לאָזט גאָר קײן דרימל נישט כאַפּן.

(צום ערשטן צייטונגס־פארקויפער) א סוף, יאַסקע, לייג אוועק מיין ביסל סחורה.

ערשטער:

(מיט געמאכטער פאַרוואונדערונג) וואָס הייסט „לייג אוועק"? אַט אזוי ליגנדיק וועט עס דאָך ווערן פארלעגענע סחורה.

צווייטער:

(נעמט אָפּ ביים ערשטן דאָס ביסל צייטונגען — רופט אויס ווי דער ערשטער). א „הייט"! א „מאָמענט"! א „יידיש וואָרט"!

ערשטער:

(זינגט)

וואָס עס שרייבט נאָר דער „מאָמענט" —

ביידע צייטונגס־פאַרקויפער:

(שרייען אויס) אוי, איז דאָס א ליגן!

ערשטער:

(זינגט) א מיליאָן מארק איז נישט ווערט קיין האַלבן סענט!

ביידע:

(זינגען מינאָר) אוי, דאָס איז נישט קיין ליגן.

צווייטער:

(זינגט) שטינער האָט געשאָסן אין וואָיטשעכאָווסקין — דעם פּרעזידענט...

ביידע:

(שרייען אויס) אוי, איז דאָס א ליגן!

צווייטער:

(זינגט שטיל) עס שטייגט דער יקרות — א ביטער בריגנט!

ביידע:

(זינגען) אוי, דאָס איז נישט קיין ליגן.

ערשטער:

(זינגט) אין די פאַבריקן דאַרף מען מער ארבעטס־הענט...

ביידע:

(שאָקלען מיט די קעפּ, צעציען די ווערטער) אוי, איז דאָס א ליגן!

ערשטער:

(געהיימנישפול) שפּיצלעס שלייכן זיך ביי אלע ווענט —

ביידע:

(מיטן א טיפן זיפץ) אוי, דאָס איז נישט קיין ליגן...

נפתלי:

(שטייט די גאנצע צייט א צעשמייכלטער, רייבט אָפּט די הענט פון הנאה, ווערט פלוצעם ערנסט) גענוג, יאָטן. רופט נישט ארויס דעם בער פון וואַלד. דאָ האָבן זיך שוין היינט געדרייט אַט די... (שמעקט האסטיק מיט דער נאָז) איר ווייסט דאָך — מאליאַווסקי, מוליק. זיי האָבן שוין, ווייזט אויס, דערשנאַפּט, וואָס דאָ טוט זיך... (גייט אָפּ אביסל אין א זייט, שלעפּט ארויס פון בוזעם א בלעטל, קוקט אריין, וואַרפט אן אויג אויף די צייטונגס־פּאַרקויפער, וועלכע פאָרשן נאָך נייגעריק זיינע באוועגונגען) נו, און האָ — א? דאָ איז אויך א ליגן? (ביידע צייטונגס־פּאַרקויפער גייען צו נעענטער, קוקן אריין. צווייטער צייטונגס־פּאַרקויפער גייט אָפּ אביסל אין א זייט, ברענגט אין אָרדנונג די צייטונגען אין דער טאָרבע).

ערשטער:

(צום צווייטן) שוין? (מאַכט א באוועגונג אָפּחוזקנדיק פון אים)
אין סאַמע מיטן גאַס? (צו נפתלין) וואָס שטייט דאָרט?

צווייטער:

איר ווייסט וואָס? (קאָן זיך נישט דערמאָנען, צעטומלט) רעד אביסל שטילער, נפתלקע.

נפתלי:

(שטיל) רוף מיך דאָ נישט ביים נאָמען (קוקט זיך ארום) עס קאָן נאָך ווער פון די... (ציט עטלעכע מאָל מיט דער נאָז) אונטערהערן (סודותדיק) פאַר אייך היים איך טוליע.

צווייטער:

און דו האָסט גאָר קיין מורא נישט... מיט אַט די אַ...

נפתלי:

(שמייכלט) אוודאי, דו ווייסט דען נישט? (דערנענטערט זיך צום אויער פון צווייטן צייטונגס־פּאַרקויפער) איך לייען טאַקע דריי מאָל א טאָג קריאת־שמע (לאַכט).

ערשמער:

(לאַכט צוזאַמען מיט נפתלין. רייסט פּלוצעם איבער) מוליע, דו ביסט שוין א פאַלנער קאָמוניסט?

נפתלי:

(קוקט אים אָן שטרענג. באלד ווערט זיין פּנים מילדער) א סוף, א סוף. צו וואָס די רייד? — לאָמיר זיך נעמען בעסער שפּעט מאָן. (רופט ביידען צו נענטער) איצט גייט מען פון דער ארבעט. ביים פאריין זייגען פאַראַן א סך מענטשן. אויף דער בערזע (ווייזט אויף לינקס) איז פול. (שלעפּט ארויס פון בוזעם א פּאַר בלעטלעך) נעמט. דערזעט איר אַן ארבעטער — שטעקט אים אין האַנט אריין. אָבער — שאַ, איר ווייסט פון קאָנספּיראציע. געגעבן — און א סוף. איר זייט נישטאַ. איר פאַרשטייט? יאַ, און דערזעט איר דאָ ערגעץ זארעמבען, צי מאַליאַווסקין, צי מוליקן — גיט גלייך צו וויסן (רופט זיי צו נענטער צו זיך) איין וואָרט בלויז — „קנעפּלעך!". שוין.

ביידע צייטונגס־פאַרקויפער גייען אוועק. נפתלי פאַרשפּיליעט זיך דאָס העמדל. פון רעכטס קומט אָן מאַניש. א ברייט־פּלייציקער מיט א דיקן פּנים, אָנגעטאָן אין א שווארצן מאנטל און א הוט.

נפתלי מאכט זיך, ווי ער וואָלט אים נישט באמערקט, גייט נענטער צו צו דער ראמפּע, שרייט אויס: א „היינט", א „מאָמענט", א „יידיש וואָרט"...

מאַניש:

(שטעלט זיך אָפּ, באטראכט נפתלין) אזוי... (רופט מיט א פינגער צו זיך נפתלין, וועלכער האָט זיך אומגעקערט אין זיין זייט) האנדלסט אליין מיט אָט די שמאַנציעס? א רעכט בלאַט זעט מען גאָר אליין נישט ביי דיר?

נפתלי:

(ווי פאַרחידושט) וואָס רעדט איר, פּאַניע מאַניש? אלע זייגען רעכטע. אָט קלייבט זיך אויס — ביז אייגע רעכטע!

מאַניש:

(מיט צאָרן) פאַרוואָס זעט מען ביי דיר נישט די „לעבנס־פראגן"? דאָס איז דאָך אן אונדזעריקע, אן ארבעטער־צייטונג.

נפתלי:

(קוקט אים אָן מיט שטאַרקער פאַרוואונדערונג) גייט שוין, גייט, פאַניע סעקרעטאַר, איך וויל זיך (רוקט זיך צו נענטער צו מאָ־נישן) אַנומלט — כ'האָב אַליין געזען — זאַרעמבאַ האָט גע־שלעפּט איינעם אין דער דעפענסיווע (סודותדיק) ער האָט ביי אים געפונען אַן אַרבעטער־בלאַט. אָבער דאָס איז געווען אַן אַנדערס (גייט אָפּ אביסל אויף צוריק) נישט די „לעבנס־פראַגן".

מאָניש:

(נערוועז) פאַרוואָס מיר נישט די ציין, פּאָליטיקער גרויסער. זאָג נאָר, האָסט דאָ אַמאָל נישט געזען דעם שוואָגער דיינעם?

נפתלי:

(פאַרוואונדערט) מיין שוואָגער? זע נאָר, זע, ווען האָבן זיי מיטן שוועסטערס חתונה געהאַט? כ'ווייס, אַז זיי האָבן נאָך קיין נדן נישט (רוקט זיך צו נענטער צו מאָנישן, שטיל) צו וואָס דאַרפט איר אים? עפּעס אַ נייטיקע זאַך? איכל אים זאָגן...

מאָניש:

(האַרט) כ'דאַרף נישט קיין זאַגערס. רחמיאל ווייסט אַליין מיין אַד־רעס (הייבט אָן אָפּצוגיין).

נפתלי:

איר אַליין פאַניע סעקרעטאַר, האָט דאָך אים אָנגעזאָגט, ער זאָל אייער אַדרעס פאַרגעסן, ער זאָל זיין פּוס אין פאַריין נישט ווייזן...

מאָניש:

אָט ווי די פּאָטשט אַרבעט עס ביי זיי! ער גייט נאָך נישט אין קיין גאַטקעס און אים פאַרטרייט מען שוין אויך. איז דען אַ וואונדער, אַז מ'ווייסט שוין באַלד נישט, ווער ס'איז אַ זייעריקער און ווער ס'איז אַ פּראָוואָקאַטאָר.

נפתלי:

מ'ווייס, מ'ווייס... אוי ווייס מען! איר זייט נישט קיין זייערי־קער, אַ יאָ, פאַניע מאָניש? (מאָניש גייט צו נענטער דראָענדיק נפתלין, וועלכער טרעט אָפּ אַ פּאָר טריט) אַנישט וואָלט איר דאָך אויך געווען דאָרט, (ווייזט אויף לינקס) אויף דער בערזע, מיט די שטרייקערס (טרעט אָפּ נאָך עטלעכע טריט אויף צוריק, מיט אַ

געענדערטן טאָן) און נישט געשפּילט גאַנצע טעג אין קאָרטן מיט די באַלעבאַטים.

גייט שנעל אָפּ אין דער זייט פון דער בערזע, שרייט: א „היינט" א... האַקט אָפּ אין מיטן, דערזעט די אָנקומענדיקע רחמיאל, טשערמאַק, ברייטערן, אַרבעטער. זיי באַמערקן מאָנישן — בלייבן שטיין.

אלע זיינען אָנגעטאָן אין וואָכעדיקע קליידער. רחמיאל דרייט אָפּ דעם קאָפּ. רעדט עפּעס צו טשערמאַקן, וועלכער גיט איבער א צווייטן. אַרבעטער שאָקלען צו מיטן קאָפּ. פּאָרויס לאָזט זיך ברייטער — א שלאַנקער בחור מיט שוואַרצע אויגן, אָנגעטאָן אין אן אָפּגענוצטן זעלנערישן שינעל, דאָס היטל אביסל אין א זייט. זיין גאַנצער אויסזען — א ווילינגערישער.

ברייטער:

(צו מאָנישן) אָ, וואָס פאַר א גאַסט ביי אונדז אין לאָקאַל! (מאַכט א ברייטן זשעסט, אָנווייזנדיק אויפן פלאַץ) ביטע, חבר מאָניש — מיר וועלן זיין גאַסטפריינדלעכער פון אייך. פאַרנעמט פּלאַץ.

מאָניש:

אייך ליגן נאָך חכמות אין זינען, און ביי מיר שלאָגט מען אָפּ די שוועלן. א גאַנצן טאָג — רק מען הערט נאָר געוואַלדן, געשרייען — תשועה באָב! פון אונדז, פון פאַריין וויל מען הילף. אָבער ווען מ׳איז אוועק און געמאַכט א ווילדן שטרייק מיט אַלע אַנאַרכיס־טישע שטיק — איז מען צו אונדז נישט געקומען, ביי אונדז האָט מען נישט געפרעגט.

ברייטער:

ס׳הייסט נישט געפרעגט? מיר האָבן דאָך אייך צען מאָל געזאָגט: אדרבא, זאָל דער פאַריין זיך נעמען און מאַכן א טאָלק. האָט איר געמאַכט דעם אמתן טאָלק! אונדז האָט איר פון פאַריין אַרויסגע־וואָרפן, מיט די פּוילישע און אוקראַינישע שוסטערס זיך פאַראַנדער־געגאַנגען — א יידיש קלייטל געמאַכט.

טשערמאַק:

(דאָס פּנים איז ביי אים עקשנותדיק פאַרשטייפט. נישט ראַזירט. דאָס היטל — טיף פאַרזעצט אויפן קאָפּ, די נאָז — רויטלעך פון קעלט) כ׳על מיט ווייב און קינדער בעסער די קאַפּיטעס אויסציען

און ביי איך בעטן וועל איך נישט. נישט קיין פאריין — א מתים־שטיבל איז עס, און איר פראוועט גבאות אויף אונדזער חשבון...

מאניש:

זעט נאר דעם העלד! טשערמאק, אפשר וועסטו פרווון קודם אנקאר־מען ס'אייגענע ווייב און קינדער מיט דיינע אנטעפּושטע רייד? זיי פילהערן דאך די דייניקע, מער ווי אלע. שוין צופיל קריכן זיי אין די אויגן אריין. אפשר איז דאס אייער נייעסטע טאקטיק? אליין זייט איר די אויסגעהאלטענע און די ווייבער שיקט איר צו אונדז, בעטן שטיצע.

טשערמאק:

(אן אנגעצונדענער) איר הערט? שטיצע! אז די וויסטע באליעריע...

רחמיאל:

(שטויסט פאמעלעך אפּ טשערמאקן, בארואיקט אים. רעדט איינגע־האלטן. ווירדיק) נישט בעטן און נישט קיין שטיצע! זייערס מאנען זיי, וואס עס קומט זיי. א גאנץ יאר ציט איר פון טויט און פון לעבעדיק — דא אזא פאנד און דא אזא אפצאל — מאלע וואס! ווו איז עס אלץ? פאר וועמען האלט איר עס?

סיקומען אן דער קרומער שמיל — א געעלטערט, צעקנייטשט פנים, איין אקסל העכער, דער קאפּ אביסל אויסגעדרייט אויף לינקס, קוקט מיטן לינקן אויג שארפער, ווי מיטן רעכטן. ער הערט רחמיאלס לעצטע ווערטער, קוקט אויף מאנישן.

מאניש:

(זשמורעט כיטרע צו די אויגן) וועמען מיר זיינען מחויב אפּצו־געבן דין וחשבון — דער וועט וויסן. ווער ס'איז מחוץ דעם פאריין, ווער עס פראוועט ווילדע, אנאַרכיסטישע שטיק, (מיט א געמאכטער אויפגערעגטער שטימע) ווער עס פארמשפּט ווייבער און קינדער צום הונגערן — דעם זיינען מיר קיין שום ענטפער נישט שולדיק!

רחמיאל:

(אויפגערעגט, מאכט אן אנשטרענגונג זיך צו באהערשן) אזוי זאגט איר? און אפשר טאקע דערפאר האט איר אונדז פון פאריין ארויס־געווארפן, כדי מיר זאלן נישט אריינקוקן אין אייערע חשבונות?

(צו שמילן) וואָס זאָגסטו, שמיל? דו ווייסט יאָ, וואָס זיי טוען מיט אונדזער בראַצע? (מיט לייכטער איראָניע) ביסט דאָך, זאָגסטו, אַ סאָציאַליער דעמאָקראַט, ביסט דאָך קעגן דיקטאַטור — אפשר דערציילסט דיר דיין חבר מאָניש, וואָס ער טוט מיט אונדזער געלט?

טשערמאַק:

(אין אַ זייט) געפינען ביי ווען צו זוכן יושר, ביים קרומען שמיל! (האַרט, אויפגערעגט) ווו איז ס'געלט? פאַרוואָס גיט איר נישט קיין גראָשן אויף אַ ביסל קאַרטאָפליעס פאַר קינדער, וואָס הונגערן שוין די פינפטע וואָך?!

שמיל:

(פלאָנטערט מיט דער צונג) לאָזט אָפּ... ס'איז דעמאַגאָגיע (קוקט אויף מאָנישן) איך האָב דאָך געזאָגט, מ'דאַרף אָרגאַניזירטערהייט...

טשערמאַק:

(האַקט אים איבער די רייד . מיט שפּאָט) אָרגאַניזירטערהייט... אָרגאַניזירטערהייט אַרבעטן פאַרן באַלעבאָס און אַליין אויסגעריסן ווערן, וואָס? אַזוי מיינסטו? אָרגאַניזירטערהייט זאָלן ווייבער און קינדער אויסגיין נאָך אַ ביסן — אַזוי פאַניע סאָציאַליסט? צו דיין ווייב טענהסטו אויך אַזוי, שמיל? אַז קיין מגפה וויל גאָר אויף אייך נישט קומען!...

מאָניש:

(וואַרפט אַ פאַראַכטנדיקן בליק אויף טשערמאַקן. צו רחמיאַלן) איר האָט די קאַשע פאַרקאָכט — איז וואָס ווילט איר, מיר זאָלן זי אויסכליאַבען? מיט שיקן די ווייבער אין פאַריין, מיט סקאַנדאַלעווען וועט איר גאָרנישט אויפטאָן.(ציילט יעדעס וואָרט) זיי וועלן צוריקקומען צו אייך, איר הערט? (סקאַנדירט) זיי וועלן צו אייך צוריקקומען! און די אחריות, אויב דער דריטער צד וועט זיך אַריינמישן, וועלן מיר אויף זיך נישט נעמען.

טשערמאַק, אַנדערע אַרבעטער:

(גיבן זיך אַ ריס צו מאָנישן, רחמיאל פאַרהאַלט זיי אין וועג) מיט פּאָליציי סטראַשעט ער! מ ס ו ר!

רחמיאל:

(בלאַס, אויפגערעגט, קוקט אָנגעשטרענגט מאָנישן אין די אויגן) אַזוי ווייט האַלט איר שוין?!(הערכערט די שטימע) אַזוי העלפט

איר עם די ווייבער מיט די קינדער? אויף אונדז אָנרייצן ווילט איר! ס'איז אַן אַלטע קונץ. דער דאָזיקער הארמאט וועט אין אייך אַליין טרעפן! (געדעמפטער) און מיטן הרוטן צד זאָלט איר אונדז נישט סטראַשען, איר הערט?!

מאַניש:

(האַלט אויס אויף זיך רחמיאלס דראָענדיקן בליק. רעדט איינגע־האַלטן, שטיל, אין א טאָן, ווי סיוואָלט אים שוין אַלץ נמאס גע־וואָרן) ס'איז דאָ א מעגלעכקייט זיך צו דעררעדן. די באַלעבאַטים ווילן איינגיין...

אַן אַרבעטער:

(נאָך אים אַנדערע אַרבעטער דערנעענטערן זיך צו מאַנישן. טשער־מאַק בלייבט שטיין פונדערווייטנס, באַטראַכט אַלעמען מיט ביטול) אויף וואָס ווילן זיי איינגיין?

רחמיאל:

(ווען ער הייבט אָן צו רעדן ווענדן אַלע ־ייערע פנימער אין זיין זייט. טשערמאַק קערט זיך אָפּ) ווי הייסט? מיר האָבן דען נישט גע־ווּסט? איצט, פאַרן ווינטער־סעזאָן וועלן זיי באַקומען לשון.

טשערמאַק:

(גרינגשעצנדיק) פאַרוואָס קומען זיי נישט אהער, צום שטרייק־קאָ־מיטעט? וואָס, זיי ווייסן נישט דעם אַדרעס? וואָס לויפן זיי אין מאַנישעס פאַריין?

מאַניש:

זיי ווילן געבן אַן הוספה...

אַן אויפרודערונג צווישן עולם, אויסרופן: „וויפל גיבן זיי?", „מירן פאַר קיין טעפל באָרשטש נישט גיין צוריק!" — מאַניש מאַכט מיט דער האַנט, אַז ער וויל נאָך עפּעס זאָגן) מ'וועט זיך דעררעדן, כאָטש די צייט איז א שווערע...

רחמיאל:

אזוי, אַן הוספה ווילן זיי שוין יאָ געבן. זייער פיין. נו, און פון שטיק־אַרבעט זאָגן זיי זיך אָפּ?

מאַניש:

מיט דעם איז נישט אזוי גלאַט. זיי שלעפּן אָפּ... איר ווייסט דאָך, קריזיס...

טשערמאַק:

(רייסט זיך ווידער ארויס פֿאָרויס) איז נישטאָ וואָס צו רעדן. (צו מאָנישן) וואָס זייט איר געקומען — ווייכער מאכן אונדזערע הערצער, ווייזן אונדז א צוקערל?

רחמיאל:

(מאכט מיט דער האנט א באוועגונג צו טשערמאקן, ווי וועלנדיק אים בארויקן) נו, און איר, כ'מיין דער פאריין וואָס זאָגט (רעדט צו די ארבעטער, ווייזנדיק מיטן קאָפּ אויף מאָנישן) איר האלט אז מ'זאָל יאָ גיין ארבעטן פון שטיק?

טשערמאַק:

מיט די זייטן זאָלן זיי ארבעטן, אַזוי לאַנג קרענקען זיי — אייב־ציקוויין! פון שטיק! פּאַרטיעסווייז! — ווי מיר וועלן דערויף נישט איינגיין! (מיט כעס צו רחמיאלן) א סוף, נישטאָ וואָס צו שטשירען די ציין. נישט דערויף האלטן מיר זיך וואָכנלאַנג, כדי ביים סאמע סעזאָן זיך אויסצוציִען אויף אַלע פיר.

מאָניש:

(מיט אן איראָניש שמייכעלע) שוין? איר האָט שוין אָפּגעשפּעקנט? ווי לייכט איר באַשליסט עס פאַר אַלעמען. און זיי (ווייזט אין דער זייט פון דער בערזע) ביי זיי דאַרף מען אפילו נישט אָנפרעגן? אפשר מחאָכמען זיי זאָר אַנדעריש. אָבער גיי, רעד, — זיי זייַנען דאָך ביי אייך „אייל אויף די רעדער פון דער רעוואָלוציע".

רחמיאל:

לאָזט אָפּ, מאָניש, ס'איז אַן אַלטער, פֿאַרזשאַווערטער האַק. אויף אים וועט איר קיינעם נישט פאנגען. (אנטשלאָסן) זיי — דאָס זייַנען מיר אַלע! איין געדאַנק, איין ווילן, פּרוּווט אָקאָרשט אַרייַנקלאַפּן ערגעץ ווו אַ קליין — איר וועט זיך די הענט קאַליעטשן (קוקט זיך אַרום אויף די אַרבעטער, דערזעט טשערמאַקס טריאומפירנדיקן פנים, קנייטשט פאַרזאָרגט דעם שטערן) איר ווילט שמועסן? גוט, מירן רעדן. רופֿט די פֿאַרוואַלטונג. רופֿט אונדז, דעם שטרייקקאָמיטעט. מירן רעדן.

מאָניש:

גוט, מירן רעדן. (צו שמילן) איר גייט? (שמיל כאַפּט אַ בליק אויף די אַרבעטער) קומט (מאָניש גייט אַוועק, שמיל נאָך אים, נישט אנטשלאָסן).

טשערמאַק:

(צו רחמיאלן, אַנגרייפעריש) וווהין שלעפסטו אונדז? צוריק אין מתים־שטיבל, אין פאַריין? און איינעם דאַרפֿן מיר, און איינעם פאַריין. טאָן דאַרף מען. (קוועטשט צונויף די פויסטן) נישטאָ מיט זיי וואָס צו רעדן.

רחמיאל:

אוודאי אָן איינעם, אָבער נישט מיט בריקען זיך שאַפט מען אים. האָסט געזען, ווי דער קרומער שמיל האָט קוים אַ פוס געשלעפט. אַ נו, פּרוּוו אים אַ צי טאָן צו זיך. פאַרשטייסט צי ניין?

פון אַ געסל רוקט זיך שטיל אַרויס נפתלי, דערנענטערט זיך צו רחמיאלן, זאָגט אים עפּעס אויפן אויער, גייט פאַמעלעך אָפּ. רחמיאל גייט נאָך אים, בלייבט שטיין ביים ראָג געסל. דער עולם צעגייט זיך ביי די זייטן פּלאַץ, צו דער בערזע. סיקומט אָן פּיאָטר, וואַרפט אַ בליק אַרום, באַגריסט זיך מיט רחמיאלן.

פּיאָטר:

מ׳האַלט זיך?

רחמיאל:

מ׳האַלט זיך. ווי דען?!

פּיאָטר:

איז גוט. ס׳גרייט זיך אידזשיקס פאַבריק. די זעלבע מעשה. אַן אַקאָרד וויל מען זיי געבן. העט זיך איין — וואָרן אַלע דייגע מענטשן. זשדזשאַראַק האָט אָנגעזאָגט — האַלטן זיך צוזאַמען מיט די אַרבעטלאָזע! לאָזט נישט אָפּ די פּרוּוען. עפּעס גרייטן זיי, די פּפּס, דער בונד — אַ נייע הזידיי. דער שוואַרץ יאָר ווייסט זיי, וואָס זיי קאָנען צוטראַכטן.

רחמיאל:

מ׳ווייסט שוין, די ערשטע אַטאַקע געהאַט. מאַניש אַליין איז דאָ נאָר וואָס געווען. יאַקאָש אויסגעהאַלטן. און ער האָט נישט געגעבן מיט סטראַשען — רופט ער אויף אונטערהאַנדלונגען.

פּיאָטר:

אונטערהאַנדלונגען? פאַרוואָס נישט. מ׳קאָן! דער עיקר — זאָלן זיי פילן, אַז דער עולם לאָזט זיך נישט ברעכן. שפּילט זיי אויף,

אז זיי זאָלן באלד הערשפּירן, אז איר האָט א נייע כלי אין דער האנט...

רחמיאל:

וואָס הייסט? כ'פארשטיי נישט? וועגן וואָס פאר א כלי רעדסטו?

פּיאָטר:

(כאפּט זיך) זע זע, כ'האָב זיך פארעדט און האָב פארגעסן דעם עיקר, נאָך וואָס כ'בין אהער געקומען. איר באקומט נאָך היינט הילף...

פון דערווייטנס הערט זיך נפתלים בעטנדיק קול: „וואַרט צו א מינוט... וואָס אײַלסטו זיך... איך זאָג דאָך דיר — ער איז פאַר־נומען..." עס קומט שנעל אָן שרה, נאָך איר נפתלי, וועלכער ווייזט רחמיאלן מיט א זשעסט, ווי ער וואָלט נישט שולדיק געווען, וואָס שרה איז פונקט איצט אָנגעקומען: פּיאָטר דערקלערט עפּעס רחמיאלן.

רחמיאל:

(רייסט זיך אָפּ א צעשטראַלטער פון שמועס מיט פּיאָטרן). וואָס איז שרהלע? ס'איז עפּעס געשען?

שרה:

(צעטומלט) גאָרנישט... גלאַט אַזוי... דיין באַלעבאָס, דער הער פּריד זוכט דיך, ער דאַרף דיך נייטיק האָבן. שוין צוויי מאָל געווען ביי אונדז זיך פרעגן.

רחמיאל:

אַזוי? אַזוי נייטיק דאַרף ער מיך (צו פּיאָטרן) די מאַשין אַרבעט! זי זאָגט, אז מיין פּראָגנאַזע האָט אויך באַוויליקט צו זיי אין בוידעם־שטיבל. דווקא דאָרט וויל ער מיט מ י ר (צו שרהן) טאָקע נאָר מיט מיר וויל ער רעדן? (מילד) גיי זאָג אים, אז כ'נעם אויף נאָר ביי זיך אין ביורא. (ווייזט אויפן גאַנצן פּלאַץ) דאָ איז היי־מישער (שרה, אַן אַנטוישטע נעמט פּאַמעלעך אָפּגיין) זאָלסט באַלד קומען צוריק אַהער.

שרה:

(שטעלט זיך אָפּ, קערט זיך אום מיט א זייט, צו רחמיאלן — פאַרוואונדערט) מיך מיינסטו? אַהער?

רחמיאל:

רוף אויך עטקען, דער מאמען (שמייכלט) ס'וועט זיין עפעס אויפן מארק צו קויפן. ביליק. בחצי חינם.

שרה:

(מיט פארוואורף אין דער שטימע) מאכסט חוזק?

רחמיאל:

(לאזט זיך שנעל צו איר, נעמט זי פאר דער האנט, קערט זיך אום צו פיאטרן). חוזק, זאגט זי, מאך איך פון איר.

פיאטר:

(פאטערלעך — ווייך צו שרהן) וואס רעדט איר, חברטע! (שרה הייבט פארחידושט אויף אירע אויגן אויף פיאטרן) צי זעען מיר דען אויס אזוי, ווי מיר וואלטן וועלן חוזק מאכן? פון אייך? (דערלאנגט איר די האנט, קוקט איר מילד אריין אין די אויגן. גע־זעגנט זיך מיט רחמיאלן, גייט אוועק).

רחמיאל:

(צארט) וואס איז מיט דיר, שרהלע? פארוואס זעסטו אויס אזוי בלאס?

שרה:

בלאס? אזוי ווי שטענדיק... (לאזט אראפ די אויגן, פארצווייפלט) ווען וועט עס זיך שוין ענדיקן, רחמיאלקע? מ'זעט דיך גאנצענע טעג נישט אן. און איך גיי אויס פאר שרעק. טאמער... כ'קאן קיין נאכט נישט שלאפן. מיר דוכט זיך אלץ, אז איך הער דייַנע טריט, דיין קול, אז מ'פירט דיך...

רחמיאל:

פארוואסזשע קומסטו נישט אהער? ס'איז דא אזויפיל ארבעט, אז כ'קאן זיך גארנישט פארגינען צו דיר צו קומען. אומעטום דארף מען הילף.(פליסטערט) אט האבן זיי, פון פאריין, צוזאמען מיט די באלעבאטים זיך גענומען אנרייצן אויף אונדז די משפחות. וויסט דאך, מ'הונגערט. און גראד קאנען מיר געווינען. גלייב מיר, כ'זאג עס קיינעם נישט — ס'הארץ פאלט ביי מיר אדויס, טאמער, חלילה, זאל זיך ווער איצט איינברעכן... (אויפגערעגט) שרהלע, דארף מען דאך העלפן, אויפהאלטן, דערציילן ווי, וואס, ווי אזוי.

שרה:

דו מענהסט שטענדיק דאָס זעלבע. ווייניק, אַז עטקען זעט מען גאַנ־צענע טעג מיט נעכט נישט אָן? (מיט טרערן אין קול) נישטאָ שוין מיט וועמען אַ וואָרט אויסצורעדן. כסדר מוז איך אויסהערן דאָס קרעכצן פון דער מאַמען...

רחמיאל:

פאַרוואָס קומסטו נישט אַהער? מיט אַלעמען איז דאָך גרינגער.

שרה:

(דרייט מיטן קאָפּ, פאַרלייקנט)... אפילו דער קלייניער יונג איז גע־וואָרן אַ גאַסט אין דער היים. וואָס האָט פּיאָטר פון אים געמאַכט? ער איז דאָך אַזאַ שטילער געווען. איצט — ווי עפּעס, איז ער אינמיטן. (אויפגערעגט, בעטנדיק) רחמיאלקע, לאָז מיך נישט אַליין, איך בעט דיך. היט זיך אויס, טו עס מיר. צי קומט אונדז שוין טאַקע גאָרנישט?!

רחמיאל:

וואָס רעדסטו, וואָס? ס'הייסט גאָרנישט? אַלץ! דו הערסט — אַלץ קומט אונדז! (מילד) פאַרשטיי שרהלע, דו נייסט, שטוקעווען, לאַטעסט. אוודאי, פון פּיצלעך און ברעקלעך קאָן מען נאָך צונויפ־סטריגעווען אַ מלבוש. (נעמט זי ביי ביידע הענט) אָבער אַ לעבן — ניין, שרהלע, דאָס מוז מען נעמען אינגאַנצן!

שרה:

(מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן) איך פאַרשטיי זיך נישט חערויף. איך ווייס נאָר, אַז טאָמער וועסטו נישט — איז אַן עק מיט מיר (ווײנט) כ'קום פון דער אַרבעט — ניי איך אינדערהיים. גאַנצענע נעכט ניי איך. כ'וועל זיך נאָך נעמען צום שטריקן אויך. כ'וועל אַלץ, ביז איין גראָשן אָפּלייגן. כאָטש אויף אַ ברעקל לעבן. (ווישט אויס די אויגן. רעדט שטיל, נישט אנטשלאָסן) דער מייסטער זאָגט, ביסט אַ גוטער באַלמעלאָכע — ער האָט צוגעזאָגט דיר צו העכערן.

סיגייט פאַמעלעך פאַרביי נפתלי, חזרט שטיל, צעצויגן: „עקס־טרע ציינעס", „קויפט אַ „מאָמענט"! באַטראַכט פון אַ זייט רחמיאלן און שרהן, שטעלט זיך אוועק ביי אַן אָנגעצונדענער הויז־לאָמפּ לייע־נען אַ ביכל.

רחמיאל:

(שאָקלט באַדויערנדיק מיטן קאָפּ) און דאָס רעדסטו דו אַזוי, שׂרה? צי ווייסטו, וואָס דו רעדסט? (שטיל, עקשנותדיק) דער באַלעבאָס האָט מיט דיר — דווקא מיט דיר! — מיטגעשיקט סם־המות און דו ווילסט עס מיר איינגעבן?

שׂרה:

(אַ דערשראָקענע, כאַפּט אַ בליק אַרום זיך) וואָס רעדסטו, וואָס, רחמיאלקע? וואָס האָב איך חען אַזוינס געזאָגט?

רחמיאל:

(ווי צו זיך) „באַדאַי הונגערן, אַלע שלעק אויסשטיין — אָבער איינמאָל פאַר אַלעמאָל פּטור ווערן פון אָט דעם געמיינעם לעבן" — ווער האָט דאָס געזאָגט? געדענקסט?

שׂרה:

(מיט אַ געפאַלענער שטימע) כ'זאָג עס איצטער אויך.

רחמיאל:

ניין, נישט דאָס זאָגסטו איצט, שׂרה. נישט מיט דיין לשון ביסטו געקומען אַהער. (אויפגערעגט, מיט אימפּעט) כ'וויל נישט, הערסט, כ'וויל נישט אַזאַ ביסן, וואָס זאָל מיר בלייבן שטעקן, ווי אַ ביין אין האַלדז. כ'וויל נישט אַזאַ לעבן, וואָס זאָל כסדר, אָן אויפהער ווערן אונטערגעשמיסן מיט אַ פּאָליציאַנטישן קאַנטשיק, און מיר זאָלן, ווי די פערד, גיין אין שפּאַן.

שׂרה:

(טרויעריק, שטיל, מיט בעטנדיקע אויגן אויף רחמיאלן) און איך וויל חען?

רחמיאל:

(מיטפילנדיק) איז פאַרוואָס־זשע רעדסטו אַזוי? פילסטו גאַרנישט, ווי שטאַרק דאָס טוט מיר וויי? (קוקט איר אַריין אין די אויגן. פּלוצעם — אַ דערמונטערטער, מיט הייטערקייט) כ'האָב אַ נייַ ליד, פון דאַרטן, פון די סאָוויעטן. אוי, ווען דו הערסט עס! ס'האַרץ ווערט ווי איין שטיק פלאַם (דריקט זי צו זיך) ווייסטו וואָס? וואַרט אויף מיר הייַנט. (סיקומט אָן עטקע באַטראַכט פאַרוווּנדערט ביידן) כ'וועל קומען. וואַרט אויף מיר.

שרה:

(שמייכלט פארלוירן) גוט, כ'על ווארטן. (דערזעט עטקען, באקומט דעם פריערדיקן פארזארגטן אויסזען)

עטקע:

(איראָניש) אויף חעם איז די בערזע?

רחמיאל:

(צעעפנט ברייט די אויגן, שמייכלט) אויף אלץ, עטקע, אויף אלץ. אז מ'טרייסט אונדז פון די שטיבער — מוזן מיר די נאס מאכן פאר אונדזער שטוב.

נפתלי:

(דערנענטערט זיך צו זיי. קיינער באמערקט אים נישט. בלייבט שטיין). און ווו נעמט מען עס אזא שטוב, וואס זאל אלעמען ארייננעמען? (אלע דרייען זיך אויס אין נפתליס זייט)

עטקע:

זע, זע — ברענגט נאך אראפ דער מאמען אהער, וועלן מיר דאָ שוין האבן די גאנצע משפחה.

שרה:

(כאפט זיך, ווי זי וואָלט עפעס פארגעסן. צו רחמיאלן פרעגנדיק) אויף אן אמת טאקע? רופן דער מאמען אהער?

רחמיאל:

אויף אן אמת, שרה. גיי רוף זי. שיק אלע ווייבער אהער, ס'עט זיך לויינען. (שרה גייט אוועק. צו עטקען) דו וועסט דא בלייבן. (נפתלי, א פארחידושטער טראָגט זיך פאָרזיכטיק אָפּ) האלט אן אויג, און אז מ'וועט דארפן, וועל איך דיר זאָגן, וואס דו האסט צו טאָן.

עטקע:

עפעס רעדסטו אזוי מאָדנע. כ'פארשטיי נישט, ווער? וואס?

רחמיאל:

(ווינקט געהיימניספול) קאָנספּיראַציע! (לאָזט זיך צו דער בערזע).

עטקע גייט צום רעכטן ראָג פון פלאץ. עס קומען איר אנטקעגן די דריי פויערים, אָנגעלאָדענע מיט זעק. באטראכטן אלץ ארום,

לאָזן אראָפּ די זעק אויף דער ערד. עטקע אָבסערווירט זיי פון דער ווייטנס.

ערשטער פויער:

אַזוי ווי ס'איז גערעדט געוואָרן. מיר פאַרקויפן פון קילאָגראַם. (וואַרפט בליקן אַרום) ווו נעמט מען אָבער אַ וואָג? אַ שיינער מאַרק, אַ?

צווייטער פויער:

מיט אַ לאַמטערנע אין דער מיט.

דריטער פויער:

מ'זעט אָבער קיין קונה נישט אָן. וואָס אַן אמת — כ'וואָלט שוין אַ בעלן זיין פּטור צו ווערן. טאָמער וואַסערווען — גיי טענה זיך אויס.

ערשטער פויער:

וואָס איז דאָ פאַראַן וואָס צו טענהן? באַמבעס פירן מיר, צי וואָס?

צווייטער פויער:

נאָך אַ מין באַמבעס! וואָס האָט זשדזשאַראַק געזאָגט... (באַמערקט פּלוצעם עטקען, רייסט איבער פאַרטרוילעך) וואָס דרייט זיך עפּעס יענע דאָרט אַרום?

ערשטער פויער:

קאָנסט זי נישט אַ פרעג טאָן? (הוסט אָפּ אין עטקעס זייט, מיט געמאַכטער איידלקייט) פּאַניענקע, צי זיינען דאָ נישט פאַראַן ביי אייך קיין בעלנים אויף קאַרטאָפליעס? איינע און איינע! פּשוט — מעל. (קוקט זיך אַרום. שרייט אויס) קאַרטאָפל, ווי די עפּל! (צו עטקען) מ'לעבט אין ווילטאָג, וואָס? נישטאָ קיין בעלנים? (כיכי־קעט אונטער).

עטקע:

(כאַפּט זיך, רעדט אייליק) וואָס רעדט איר, פּאַניע? אין ווילטאָג זאָגט איר? מ'גייט אויס נאָך אַ קאַרטאָפליע. מענטשן זיינען אָן אַרבעט.(שטיל, פאַרטרוילעך) מע שטרייקט. (די פויערים ווינקען זיך איבער) ווו נעמט מען אָבער געלט אויף קאַרטאָפל?

צווייטער פויער:

ווו מ'נעמט געלט? כע—כע—כע, אין באנק, זאָגט מען, איז פאראַן אַן אוצר. (ערנסט) גייט, גייט פאַניענקע, רופט אהער די ווייבער. אַ מציאה. ארונטער פון קרן. מ'עט שוין אדורכקומען.

עטקע:

(מיט ברייט צעעפנטע אויגן, ווי זי וואָלט ערשט אלץ פארשטאנען) אַט באלד קומען זיי. ווארט צו, פאַנאָווייע — א הגה בלויז. (לאָזט זיך איילִיק צו דער בערזע)

סיקומען עטקען אנטקעגן פרויען מיט קינדער, עטלעכע מע־נער, צווישן זיי: רחמיאל, טשערמאַק, ברייטער. די פרויען גייען צו — פריער נישט דרייסט, שפעטער אלץ טומלדיקער — צו די זעק קארטאָפל. עס הערן זיך שטימען: „ווי טייער?" „פון זעקל?" „גיי ברענג א קוישל" „ווו נעמט מען די גרייצערס?".

ערשטער פויער:

שאַט, ווייבער, גאָרנישט. מיר פארקויפן נאָר פון קילאָגראַם. דער פרייז... (זוכט צווישן עולם, שטעלט זיך אָפּ אויף עטקען) פאַ־ניעניקע, איר ווייסט דאָך וויפל עס קאָסט. וויפל מיר האָבן אריינ־געלייגט, וועלן מיר ארויסנעמען. (שטיל, צו עטקען) ווו איז דער באלעבאָס? (עס רוקט זיך צו נעענטער רחמיאל. עטקע ווייזט אויף אים מיט א ווונק) נו, זאָגט זיי עפעס, א פּאָר ריכטיקע ווערטער. אונדזער זאך — ווייסט איר דאָך: נעמט די קארטאָפליעס און זייט מיר געזונט!

רחמיאל:

(גערירט) ניין, טייערע פריינד, איר'ט שוין מוזן אליין זאָגן... איר'ט עס בעסער מאכן... זאָלן זיי ווייסן, ווער עס העלפט...

דריטער פויער:

דאָס קאָנען מיר נישט. ביי זיך, אין דאָרף, פארשטייען מיר זיך אויפן ווונק. אָבער דאָ, צווישן שטאָטישע, דערצו יידן...

צווייטער פויער:

יידן — קאַפּידן — וואָס איז דאָס פאר א רייד? אקוראַט ווי דער וואָיט. זעסט דאָך די פנימער! (הערט די שטימע, הוסט אָפּ) איז פארשטייט איר, וואָס מ'רעדט צו אייך, צי ניין? נעמט די קאר־טאָפליעס און צעטיילט צווישן זיך, אָבער גערעכט. (אלגעמיינע

קאָנסטערנאַציע) אָט האָס וואָס איר הערט. איך זאָג אייך, וואָס די אונדזעריקע האָבן אונדז אָנגעזאָגט. איר ווילט דאָך נישט מ'זאָל אייך קריכן אויפן קארק און בראָקען אין דער צורה אריין?! מיר — אויך נישט! דארף מען זיך העלפן. (אלגעמיינע אויפרודערונג) כ'זאָג ריכטיק, צי ניין? (אויסגעשרייען „אוודאי", „גאָלדענע ריידי", „גערעכט, גערעכט").

ערשטער פויער:

(צו עטקען) פאַניעניקע, וואָס שטייסטו? נעם זיך צו דער ארבעט (צו עטלעכע יינגערע) און איר אויך.

עטקע:

(שטעלט זיך לעבן די פויערים, שטייט א מינוט אין פאַרלעגנהייט, קוקט פרעגנדיק אויף רחמיאלן, וועלכער ווינקט צו איר, גיט איר צו מוט. זי שלעפט אראָפּ ביי צוויי יונגטלעכע די היטלען, נעמט אָן אין זיי קארטאָפל) וויפל זיים איר? פיר פערזאָן — פיר פארציעס.

סיקומען אָן מאָניש, נאָך אים שמיל. בלייבן שטיין אומבאַמערקט פון דער ווייטנס, דערשטוינטע.

ערשטער פויער:

שנעלער, שנעלער. גייט צו. נעמט (צו מאָנישן און שמילן) וואָס שטייט איר מיט די הענט אין די קעשענעס. וואָס זייט איר, פאַנעס? העלפט צו!

מאָניש:

(ארויסצישענדיק דורך די ציין) דאָס שמעקט מיט פּראָוואָקאַציע! (הייבט אָן זיך צוריקצוציען מיטשלעפּנדיק שמילן, שרייט אויס הויך) פאר א פּאָר קארטאָפל פארקויפט איר די נשמות אייערע!, וואָס טוט איר?

רחמיאל:

(בלייבט א מינוט ווי געפּלעפּט, לאָזט זיך דראָענדיק אין מאָנישעס זייט, נאָך אים טשערמאק און ברייטער) דאָס האָבן מיר, א? מיר האָבן עס אונדזערע נשמות פארקויפט? איר האָט נאָך די העזה צו ווארפן א חשד אויף אונדזערע פריינד?! (ווייזט אויף די פויערים)

טשערמאַק:

(דראָענדיק) בעט זיי איבער, אויסוווהרף אייער!

צווייטער פויער:

(צו עטקען) וואָס וויל ער, אַט דער פּאַן? ער איז נישט קיין אוט־דזשעריקער?

(עטקע רעדט צו אים היציק, שנעל)

צווייטער פויער:

(שאָקלט מיטן קאָפּ אויף ניין) לאָזט אָפּ, וואָס ווילט איר פון אים? ווי האָט איר געוזען, אַז אַ הונט זאָל בעטן מחילה ביי אַ מענטשן?! זאָל ער — ס'איז דאָך אוודאי זיין פּאַך אזא. ווי לאַנג טאָך וועט ער בילן...

מאַניש ציט זיך פּאָרזיכטיק צוריק, פאַרשווינדט. שמיל הויבט אָן אָפּצוגיין, בלייבט שטיין. סילויפט אַריין אַ צעהיצטער נפתלי, רופט אויס סיקענדיק: „קנעפּלעד!". מאכט מיט די הענט אין רחמיאלס זייט. פון אַ צווייטער זייט לויפט אָן דער ערשטער, נאָך אים דער צווייטער צייטונגס־פּארקויפער, רופן אויס וואָרענענדיק: „קנעפּלעד". אלגעמיינע צערודערונג. רחמיאל ווינקט צו די פויערים, וועלכע צע־גייען זיך אין פאַרשידענע זייטן. דער עולם צעגייט זיך אין די אָרו־מיקע געסלעך.

אויף דער סצענע בלייבן דריי האלב־אָנגעפילטע זעקלעך, ארום זייערע אָנגעוואָרפן קארטאָפל.

סיקומט אָן פּאָרזיכטיק ז א ר ע מ ב א, האלט זיך ביי דער זייט פון די מויערן. גייט צו צו די זעקלעך. עקבערט מיט שאַרפע בליקן דעם ארום. נעמט א קאַרטאָפל אין דער האַנט, וואַרפט עס עטלעכע מאָל אונטער אין דער הויך. לאָזט זיך אין דער זייט פון דער בערזע. סיקומט אים אנטקעגן מ ו ל י ק, וועלכער פירט דעם צווייטן פויער.

זאַרעמבאַ:

אַ, אַ, אַט דאָס איז ער יעס דער כאַכט־העגדלער! (איראָניש, ציילנ־דיק יעדעס וואָרט) ווי זיינען דיינע שותפים, חבר רעלעגאַט פון אהבעטנדיקן פּויערטום?

צווייטער פויער:

(תמעוואטע) כע... כע... מיך מיינט איר? אפגעלייזט פאר דעם ביסל סחורה און א היים.

זארעמבא:

אפגעלייזט זאגסטו?! (גיט א קאפע מיטן פוס א זאק — די קאר־טאפל צעשיטן זיך) שיינע באלעבאטים! איבערגעלאזט דאס פאר־מעגן — און געלט געווארן! (צעשרייט זיך) לייזן דארף מען, הערסט, כאם איינער! און, וועסטו לייזן! (צו מוליקן) וווּ איז ער? וואס דויערט עס ביי אים אזוי לאנג? זעסט, ווי דאס האט זיך צעראַיעט...

סיקומט אָן מאליאווסקי, פירט רחמיאלן. פון דער וויטנס גייען נאָך זיי ארבעטער, פרויען, קינדער.

זארעמבא:

קומט, קומט געענטער. א נו, ווער איז כאָך א בעלן?

דער עולם ציט זיך צוריק. סיקומען אָן פון געסל לאה מיט שרהן. איינע טראָגט א זאק, די צווייטע א קויש. זיי בלייבן שטיין. שרה — צעטומלט, נעמט זיך אראָפּלאָזן אויף לאהס פלייצע. באגעגנט זיך מיט רחמיאלס דערמוטיקנדיקן בליק — קומט צו זיך, גלייכט זיך אויס.

זארעמבא:

(צו רחמיאלן) איז וואס, פאניע אגענט פון סאמע מאסקווע געקומען?! שוין וויניק אייך צו פארטומלען די לייזיקע זשידאָווסקע קעפּ — איר פארנעמט זיך שוין אויף די כאמעס אויך! ווייטלעך ווילט איר אייער געץ אויסשפרייטן. צו קורץ די הענט! אנו, באווייזט זיי נאָר. לאָמיר זיי כאָר אָנקוקן. (נעמט אַרויס קייטלעך פון קעשענע, שליסט צו רחמיאלס האנט צום פויערס. ציניש) אָט אזוי — אָט דאָס הייסט אַן אמתער בונד צווישן ארבעטער און פויער. אזוי, א? נו, געגאנגען!

ביידע קאָנפידענטן שטויסן אונטער רחמיאלן, דעם צווייטן פויער. רחמיאל קוקט דערמונטערנדיק אויף אלעמען.

פון דעם אנטקעגנדיקן דאָג שטעקן ארויס די קעפּ נפתלי מיט די צוויי צייטונגס־פארקויפער. זיי ציען זיך באלד צוריק.

עס פליט ארויס און בלייבט הענגען אויף די עלעקטרישע דראָטן, אין מיטן פלאַץ, א קליין, רויט פענדל מיט אן אויפשריפט „זאָל לעבן"...

אלע פארייטן הויך די קעפ.

פארהאנג פאלט לאנגזאם

סוף פון ערשטן אקט

# צ וו יי ט ע ר א ק ט

## 3־טע סצענע

א שטעפּער־װאַרשטאַט. לינקס דרײַ נײ־מאַשינען, אײנע הינטער דער אַנדערער. אין דער פּראָנט־װאַנט — א טיר. רעכטס פון דער טיר א גרויסער פּענצטער מיט מאָדעלן פון כאָליעװקעס. אויפן סאַמע אויבנאָן שטייען איבערגעקרײַצט 2 שטיװל־כאָליעװעס מיט די קעפּלעך אַראָפּ. אויבן אויף דער שויב איז אויסגעמאָלט:

| Warsztat Kamaszniczy<br>J. Fried |
|---|

עטװאָס אין א זײַט פון דער פּראָנט־טיר — א טיש צום שנײַדן, פון אויבן — א דיק ברעט, מעסערס, א שלײַף־שטײן, אָנגעװאָרפענע שטיקלעך לעדער. בײַ דער רעכטער װאַנט — א טיש מיט מכשירים צום פּאַלסעװען, קלאַפּן און ריכטעװען. הינטער דעם טיש — א טיר, װאָס פירט צו דער װוינונג פונם באַלעבאָס.

פאַרבײַ דעם פענצטער גײען אָפּט אַדורך מענער, פרויען, צײַטונגס־פּאַרקויפער, גאַסן־הענדלער. אין װאַרשטאַט רײַסן זיך אָפּט אַרײַן קולות פון גאַס.

בײַ די מאַשינען זיצן ט ש ע ר מ א ק, ב ר ײַ ט ע ר און ק א ץ. אויף טשערמאַקן איז קענטיק די פאַרגאַנגענע 3 יאָר. עס װאַרפן זיך דורך גרויע האָר בײַ זײַנע שלײָפן; ברײַטער, הגם אין אַרבעטס־מלבושים, זעט אויס פּראַנטעװאַטע, צוגעקעמט, אָפּגעראַזירט. קאַץ — א דאַרער, בלײַכער, מיט אײַנגעצלגע שװאַרצע הערלעך אויף די באַקן.

בײַם טיש שטײען ש מ י ל און נ פ ת ל י. שמילס רעכטער אַקסל איז נאָך העכער געװאָרן, דעם קאָפּ, װעלכער האָט אָנ־

געהויבן צו ווערן פליכטוואטע, האלט ער נאָך מער אויסגעדרייט. שארפע קנייטשן אויפן שטערן. נפתלי — א 19 יעריקער בחור, אויסגעוואקסן אין די פלייצעס. הגם אויפן פנים ליגט ביי אים די זעלבע מילדקייט, ווי מיט דריי יאָר צוריק, האָבן זיך אָבער באַוויזן ביי זיין מויל שטריכן פון פאַרביסנקייט, זעלבשטענדיקייט. אלע ארבעטן.

דורכן געוויש פון די ניי־מאשינען הערט זיך דאָס ריטמישע געזאנג פון טשערמאקן און ברייטערן:

לאָקאָמאָטיוו — פאָרויס, פאָרויס!
דיין סטאַציע איז די קאָמונע.
מיר קענען נישט קיין וועג צוריק —
די ביקס אין האַנט געמומען!

חזרן איבער דעם ניגון, אָן ווערטער. עס הערט זיך בלויז דאָס שטעפן פון די מאַשינען און דאָס קלאַפןביים טיש.

ברייטער:

(רייסט זיך אָפ פון דער מאשין, גלייכט אויס די ביינער) נאָר אזוי, ווי עס זאָגט זיך — „די ביקס אין האַנט גענומען". וואָס טויגן די אלע רייד־רייען. אָן חעם, ברידערלעך, (מאכט א באוועגונג ווי אָנצולאָדן א ביקס) וועלן נאָך אונדזערע אייניקלעך מסתמא אויך זיצן ביי פרידן אין ווארשטאַט, דרייען כסדר מיט די פיס און אין ערגעץ נישט פארפאָרן.

נפתלי:

(הייבט אויף אַ רגע די אויגן פון דער אַרבעט, קוקט אויף ברייטערן און שמייכלט, שאָקלט מיטן קאָפ. נעמט זיך באַלד ווידער צו דער אַרבעט).

שמיל:

(נישט אויפהויבנדיק דעם קאָפּ) און אז ס'איז נישטאָ די ביקס — ארבעט מען הערווייל מיט די פויסטן... (קוקט מיט צוויפעגקוועטשטע ברעמען אויף ברייטערן) אַ, ברייטער?

קאַץ:

(שטעלט אָפ דאָס נייען, פארטראכט זיך א ווייל, קוקט אָנגעשטרענגט אויף נפתלין) כאָטש האַק מיך און בראַק — איך קאָן עס נישט

פּארשטיין! וואָס גייט עס אייך? דער עולם איז אויסגעהונגערט נאָך א לעבעדיק וואָרט — גייט מען הערן אַ רעדנער, וועד רעדט נאָך פון ווארשע! ביין, מוזט איר פון אלץ מאכן א ווייסטע מערכה. ווע־מען דינט עס, וועמען?

שמיל:

(הויבט אויף דעם קאָפּ פון דער ארבעט. אין די אויגן — א כיט־רער שמייכל) ס'הייסט וועמען? דער פּאָליציי! ווי דען אנדעריש? זי וואַרט דאָך נאָר אויף אזא געלעגנהייט.

פישערמאַק:

(האַרט) שוין? אָפּגעפּסקנט? (חוזקנדיק) זעט נאָר, זעט ווי מ'טראָגט עס זיך אונטער איינער דעם אנדערן אין די פּיסקעלעך — אזוי ווי די פייגעלעך! דאָס ארץ־ישראל־ייחעלע האָט דערלאַנגט שאַלאָם דעם גלות־קעמפער... (מיט גאל) דער פּאָליציי, וועלכע באוואכט אלע אייערע פאַרזאַמלונגען, ס'זאָל זיך אהין נישט ארייננבאַקומען קיין נישט געוווּנטשענער...

שמיל:

(אויפגערעגט, פּאַכעט מיטן העמערל) דאָס איז... דאָס איז געמיין! דאָס איז דעמאַגאָגיע!

ברייטער:

ווי אזוי זאָגסטו? און איך האָב נישט געוווּסט, אַז נעמען אזא מיידל (ציט אויס די ווערטער) אזא גאָלד, ווי עטקע און ארייננזעצן אין תפיסה, הייסט — ווי זאָגסטו? דעמאַגאָגיע!

שמיל:

(צעטומלט) וו—וואָס האָט עס פאַר אַ שייכות? דו ווייסט דאָך שוין גאַרנישט, וואָס דו רעדסט...

ברייטער:

כ'ווייס, כ'ווייס. (אויסשטרעקנדיק דעם גאַנצן קערפּער צו שמילן, רעדט שטיל) איך האָב דאָך אליין געזען, ווי אייערער א באַוווּר־קאַזש האָט אויף איר אָנגעוויזן, אַז זי, עטקע האָט עס געוואָרפן די בלעטלעך אויף אייער פאַרזאַמלונג.

אַ שווערע שטילקייט. קאַץ נעמט זיך גייען. באַלד — אַלע איבעריקע.

נפתלי:
(נישט אויפהויבנדיק זעט קאָפּ פון דער ארבעט) דעמאַגאָגיע! אזוי?
(צו שמילן גוטמוטיק) לאָזט אָפּ, חבר שמיל, מיט די איינגעהזרטע
ווערטער. זיי פּאסן פאר מאַנישן, פאר דעם רעדנער פון װארשע.
(גלייכט זיך אויס) נו, און איר, ווי מיינט איר? אט, לאָמיר נעמען,
זוען איינער פון אונדז, פשוטע מענטשן, וויל זאָגן א פּאָר פּראָסטע
ווערטער, א שטייגער, אז אין דעם פּאפּירל מאַקע פון דעם רעדנער
געפינט זיך נישט קיין זיס צוקערל נאָר — סם. א? זייגען מיר,
הייסט עס, די כוליגאנטעס, די דעמאגאָגן און, וואָס נאָר אין דער
קאָרט שטייט?

שמיל:
א משל! איז דעריבער וואָס? דאַרף מען פאַרשרייען, אויפרייסן?...

נפתלי:
(פון זיין פּנים פאַרשווינדט די גוטמוטיקייט. רעדט פּאַוואָליע,
שטרענג) דאַרף מען שטענדיק און אומעטום זיך אנטקעגנשטעלן...
(קליינע פויזע, ענערגיש) די שונאים!

קאַץ:
קלאָר, וואָס קלאָרער קאָן שוין גאָרנישט זיין. זיינען מיר, הייסט עס,
די שונאים!

נפתלי:
(ווייך, גוטמוטיק) לאָזט אָפּ, קאַץ. נישט איר, נישט שמיל. וואָס
פאר א שונאים זענט איר? כאָטש רעדן רעדט איר אָפטמאָל ווי זיי.
(ענערגיש) דער שונא — ער האלט אונדז אלעמען ביים גאָרגל, נישט
אָפּצועטעמען...

שמיל:
דאָס פּלעג איך דאָך שטענדיק טענהן צו רחמיאלן. איז על כן?

נפתלי:
על כן (שארף צו שמילן) איז ווער עס העלפט דערביי דעם שונא
איז נישט בעסער פון אים!

שמיל:
דאָס האָב איך שוין אויך ערגעץ זוי געהערט. און אלץ פון רחמיאלן.
מער נישט — ער פלעגט עס טאָך צוזאָלצן, למשל, מיט „בונדישע
באַנצן", „אגענטן פון קאפּיטאַל"...

קאַין:

(אין זעלבן טאָן) „פּעצעקישע נאַציאָנאַליסטן”, „משרתים פון דער בורזשואזיע” — עס קערט שוין די גאַל דערפון.

נפתלי:

אזוי? אדרבא, זאָגט אליין — וואָס הייסט עס? (צוזשמורענדיק די אויגן) איך האָב זיך גוט צוגעהערט צו אייערע רעדנער, איך האָב ליב צו הערן. איזא איינער רעדט א שעה, רעדט אנדערהאַלבן, און אלץ „קריזיס” און „קריזיס”. פאַבריקאַנטן פאַרמאַכן זייערע פאַבריקן. כראַביעס פירן ארויס זייער פאַרמעגן קיין אויסלאַנד. די מלוכה־קאַסע איז פּוסט. איך הער און הער און פאַרשטיי נישט, וואָס טוט זיך דאָ? סך הכל קומט אויס, אז נאָר אויף זיי איז א ביטערער רחמנות, אז אויף זיי נאָר האָט זיך דער גאַנצער קריזיס אויסגעלאָזן. נו, און מ י ר וווּ זיינען? וואָס זאָלן מיר טאָן? ער איז דאָך, זאָגט ער, א סאָציאַליסט?

פּישערמאַק:

אָבער קיין יאָלד איז ער דאָך נישט. ער דאַרף דיר דווקא זאָגן, וואָס צו טאָן? דאַרפסט אליין פאַרשטיין — ווײַבאַלד קריזיס — זיץ רואיק, בעט נישט קיין הוספה, שטרייק נישט!

שמיל:

(אויפגערעגט) דאָס... דאָס איז פּשוט רכילות...

נפתלי:

(אין זעלבן רואיקן טאָן) אזוי טאָר? שאַ, נעם מאַניש. פאַרוואָס האָט ער מיך ארויסגעוואָרפן פון פאַריין? וואָסי, כ’בין קיין אַר־בעטער נישט? כ’האָב מאַיאָנטקעס? באשר איך האָב אים געזאָגט, אז ער זאָל ווייניקער זיך זאָרגן פאַר פּרידן, אז ער זאָל נישט סטראַ־שען מיט אונדזער באַלעבאָס, באשר ער קאָן צומאַכן די בודקע, אויב מיר וועלן נישט זיצן שאַ־שטיל. (אויפגערעגט) און מיר ווילן נישט זאָרגן פאַר פּרידן. מיר האָבן גענוג אייגענע צרות.

(פויזע, געדריקטע שטימונג)

קאַין:

(קרעכצט טיף אָפּ) צרות אויפן פּוד... דאָס אלץ נעמט זיך פון אונ־דזער אומגאַרמאַלקייט... נישטאָ קיין גואל, נישטאָ קיין פריינד... שונאים א ים...

נפתלי:

(קוקט אים פארחידושט אָן) פארוואָס פרעג איך, אז? פארוואָס האָט מען צעהאַקט דעם פאריין? — א יידישער באַזונדער, א פוילישער און אוקראַינישער באַזונדער!

ברייטער:

דו ווייסט טאַקע נישט פארוואָס? גיי שוין, גיי! ווייל מיר נייען מיט כשרן פאָדים און זיי מיט טריפה. נישט אמת, חבר שמיל?

טשערמאַק:

...איינציקווייז, באַזונדער ווילן זיי אונדז אויסדישען. אז נישט דער־לעבן וועלן זיי עס מיט זייערע פאריינען אייניקעם!

נפתלי:

(קוקט פארטראכט אָן טשערמאַקן. לייגט אָפּ די אינסטרומענטן) איר ווילט הערן? א מינוט בלויז... כ'טרעף אַנומלט מיינעם א חבר, א שוסטער, א פּאָליאַק (מיט א לייכטער איראָניע, צו קאַצן) איר הערט, קאַץ? — א גוי! ער דערפרייט זיך מיט מיר — א צייט נישט געזען, פון גרויסן שוסטער־שטרייק אָן. זיין ווייב מיט מיין שוועסטער האָבן עס געטיילט דאָס ברויט. הכלל, ער שלעפּט מיך אויף א כוסה. קיין בעלן בין איך נישט דערויף.

ברייטער:

האָסט אים צו מיר געדאַרפט שיקן. עך, ברידערלעך! וואָס ווייסט איר דעם טעם פון א רעכטן לחיים...

נפתלי:

(אין פריערדיקן דערציילערישן טאָן) מיר צעשמועסן זיך און מיין חבר ווייסט נישט פון קיין שום מעשׂות — ער רעדט פאר טויטע און פאר לעבעדיקע. עס איז פּשוט געוואָרן אביסל געפּערלעך. כ'ווייס, וועד ס'דרייט זיך אַלץ ארום? הכלל — אַלץ פארשטייט ער: אז די מאַכערס פון זיין פאריין זיינען ביי די באַלעבאַטים אויף פּענסיע, אז די פּפּס איז ביי איין קאַריטע מיט די רייכע — דאָס פארשטייט ער. אָבער אז ביי איך, יידן, זאָגט ער, זאָלן זיין אזעלכע אויסוואורפן — דאָס פארשטייט ער נישט. צו דער מלוכה, זאָגט ער, לאָזט מען דאָך זיי סיי ווי נישט צו...

קאַץ:

אָט דאָס איז דאָך עס. פאַר פרעמדע האלט מען אונדז. פרעמדע זיינען מיר. א מלוכה, אן אייגענע... מיט א סטראטעגישער באזע...

טשערמאַק:

(פאלט אים אריין אין די רייד)... מיט א יידישן נאמאַרדניק, מיט כשרע לייצעס...

נפתלי:

אויסווארפן (צו קאצן) איר הערט, קאַץ? — נישט קיין זשידעס, — אויסווארפן!

קאַץ:

ווייס איך וואָס. געפונען א צדיק אין פעלץ. מ'זעט דאָך טאקע. א שטייגער צום ערשטן מאי, ווען די מעסער־העלדן האָבן זיך אויף אונדז, יידן, ארויפגעוואָרפן...

טשערמאַק:

ווער הייסט אייך גיין באזונדער? מיט לשנה הבאה בירושלים וועט איר דעם סדר אָפּריכטן, אָבער נישט טרעפן אין ענדעקישע קעפּ.

נפתלי:

(פארטראכט, ווי ער וואָלט גאָרנישט געהערט) איז ווי מיינט איר, שמיל? אָט איך — איר ווייסט דאָך — קיין רעדנער בין איך נישט... אָבער ווען איך, למשל, וויל אייער רעדנער דאָס אלץ צו־זאמען זאָגן — איז וואָס? בין איך א דעמאגאָג. פאַר וואָס? באשר דאָס געפעלט נישט מאַנישן? ס'איז נישט לויט זיין פּלאַן?!

ברייטער:

זיין פלאַן — ווייסט דאָך (זינגט פאראָדיעמעסיק) „באזונדער, באַ־זונדער, די פאָן איז שווין טויט"...

נפתלי:

ווייל דעם רעדנער מיט זיין „ספּעציפיש־יידישן פּראָלעטאַריאַט", מיט זיין „דיאַגנאָז און פּראָגנאָז" איז עס נישט צום האַרצן? איז הערי בער זאָל דער אמת נישט ארויסקומען? הערי בער זיצט שוין רחמיאל דריי יאָר אין תפיסה... און מיין שוועסטער, עטקע...

משערמאַק:

וואָס פּטרסטו רייד אומזיסט און אומנישט. דו ווייסט נישט, אַז ס'איז אַרויסגעוואָרפן?

נפתלי:

אַזוי מיינסטו? און איך מיין, אַז מיר טוען, אַז מיר לײַדן, אַז מיר זיצן אין תפיסה פאַר אונדזער אַלעמענס זאַך, און מיר אַלע...

(רייסט איבער אין מיטן).

פון דער פראָנט־טיר קומט אָן מיט א פעקל יוכט אונטערן אָרעם דער באַלעבאָס פריד — א פולבלעד־קײלעכדיקער ייד, קליינגעוויקסיק, מיט שנעלע באַוועגונגען. ציכטיק, אָבער אַלטמאָדיש געקליידט. אַקוראַט צוגעשוירענע וואָנצן, אַ גרויסער קורץ בערדל. אַלע נעמען זיך פלייסיק צו דער אַרבעט.

פריד:

(לייגט אַוועק דעם יוכט אויפן טיש, טוט אויס דעם מאַנטל, שאַרפט דאָס מעסער) עך, איז עס א יקרות! עס ברענט ווי א פייער. שוין נישט קיין מאַרקן — זלאָטעס און די פּרייזן זיי האַלטן שטענדיק אין איין וואַקסן. פאַרקויפסטו וואַרע — איז שלעכט, ווייסט עס מאָרגן נישט אָפּקויפן. פאַרקויפסטו נישט — איז עס ווידער שלים, ווו נעמט מען די גראַצערס (צעצויגן) א פאַרדרייטע וועלט!

ביי די לעצטע ווערטער גיט זיך נפתלי א כאַפּ, פרעגט מיטן וווּנק ביי שמילן, וויפל דער זייגער איז; שמיל נעמט אַרויס פון וועסטל־קעשענע א זייגערל און ווייזט אים. נפתלי ווינקט זיך דורך מיט ברייטערן.

משערמאַק:

דאָס טענה איך דאָך, פּאַניע שעף. ס'איז א וועלט — נאָר צו נעמען מיט א פלעדערוויש, זי צונויפשאַרן אויף א הילצערנעם חמץ־לעפל און ברענען זאָל זי מיט א העליש פייער!

בעת מעשה לאָזט זיך ברייטער צום גרויסן פענצטער, פאָרקעט זיך ביי אים, קוקט זיך אום און באַגעגנט זיך מיט פרידס בליק.

פריד:

וואָס קריכסטו צום שויפענצטער? וואָס האָסטו דאָרט נישט געזען? (באַמערקט די איבערגעדרייטע שטיוול־כאַליעוועס פון פענצטער, לויפט שנעל צו, צו ברייטערן) דאָס איז דאָך אייגע וואַרע אָנשיקער־

ניש! וואָס דרייסטו איבער אַלע מאָנטיק און דאָנערשטיק די באַ־ליעוועס? וואָס געפעלן זיי דיר נישט?

נפתלי ווינקט צו טשערמאַקן, גיט אים צו פאַרשטיין, ער זאָל אָפּרופן ברייטערן.

ברייטער:
ווו האָט איר געזען, פאַניע שעה, אַז אַ זאַך זאָל שטיין מיטן קאָפּ אַראָפּ? אַלץ דאַרף האַלטן דעם קאָפּ אין דער הויך. איר זאָגט דאָך אַליין — אַ צעדרייטע וועלט. דאַרף מען איר איבערקולייען און שטעלן אויף די פיס.

פריד:
הער שוין אויף מיט דיינע זאַלדאַטישע אַנעקדאָטן. אַ שאָד צייט. די אַרבעט וואַרט נישט. (קוקט נאָך אַמאָל אין פענצטער — באַ־מערקט פון יענער זייט פעליען, וועלכע האָט זיך אָפּגעשטעלט) נפתלי, הערצליכע גריסע! מיר דוכט זיך, אַז דיין פרוילין וואַרט שוין ווידער אויף דיר. נו, האָבן זיי געזען זאַ איין וועלט? איין פרוילין זאָל קומען אויף ראַנדעוווען אין ווערקשטעל, אין דער אַרבעטס־צייט! (צו נפתלין, וועלכער דענערווירט זיך, הויבט נישט אויף דעם קאָפּ, ווען פריד רעדט צו אים, קוקט אָבער אַרויס אין גאַס, ווען דער באַלעבאָס זעט נישט) זאָג נאָר, איז דיין פרוילין פיליכט איינע בעקערין?

נפתלי:
(מיט אַ געמאַכטן שמייכל) וואָס פאַלט אייך איין, באַלעבאָס. (עס הערן זיך פון גאַס עטלעכע אויסגעשרייען פון צייטונגס־פאַרקויפער. נפתלי ווערט נערוועזער) אַ בעקערקע גאָר!

פריד:
וואָרום דען דרייט זי זיך אַרום אין מיטן העלן טאָג אָנע באַשעפ־טיקונג? אין די אָוונטן איז זי, ווייזט אויס פאַרנומען. (ווינקט כיט־רע) זי מאַכט פיליכט די ראָשטשיכע, וואָס? (שניידט די פעל־לעדער, רעדט אָנגעשטרענגט) איך האָב מורא, דאָס פון דיזען טיפ וועט קיין ברויט נישט זיין (גלייכט זיך אויס מיטן מעסער אין האַנט, ענ־דערט דעם טאָן, שטרענג) איך וויל נישט! איר הערט? איך וויל נישט, אַז ביי מיר אין ווערקשטעל זאָלן זיך דרייען זייטיקע מענטשן. גע־פינען זיי זיך בעסערע לאָקאַלן פאַר אייערע ראַנדעוווען.

ברייטער:

ווו, אַ שטייגער? ביי זשאַרזשן?

פריד:

יאָ, וואָרום רעדן נישט? איך וואָלט אויך געוועזן אַ סאָציאַליסט.

ברייטער:

(פריילעך) בימי פראַנקיזאַציע הראשון...

פריד:

יאָ, איז וואָס? האָבן מיר געוווּסט, אַז אַלע פּרייטיקצונאַכטס טרעפן מיר זיך ביים טעלן עליען אין ביר־האַלע...

ברייטער:

(מיט אַ געמאַכטער פאַראינטערעסירונג) נו, נו, און וואָס פלעגט איר דאָרט אויפטאָן?

פריד:

וואָס הייסט, וואָס? וויר האָבן געטאָן אַלעס, וואָס מען ברויכט, וויר האָבן געשפּראָכן איבער דעם סאָציאַליזמוס, איבער דעם ציוניזמוס, וואָס נישט? וויר האָבן געזונגען לידער, זייער פיל לידער האָבן מיר געזונגען. עך, וואָרען עס געזעצע! נישט אַזעלכע, ווי די היינטיקע — וואָרע, קאָמפּאָזיציע.

ברייטער:

אַזוי? וואָס פאַר אַ לידער זיינען עס געווען?

פריד:

(קוקט אים שאַרף אָן, באַמערקנדיק ברייטערס חוזק־טאָן) אַ סוף, אַ סוף, קלוגער יונג איינער! (נעמט זיך שניידן דעם יוכט און פאַר־מעלעך פּריער אונטער דער נאָז, שפּעטער העכער — זינגט. ביי די לעצטע סטראָפן העלפט אים שמיל צו)

עס פאַרבלענדעט די אויגן
דער רעגנבויגן.
די רייכע זיי רעדן זיך איין,
אַז באַט האָט געשוואָרן
אויף אייביקע יאָרן,
אַז ס'וועט שוין קיין מבול נישט זיין.

איר זאָלט נישט מיינען
איר הערשער אין קרוינען,
אז אייביק וועט איר זיין אזוי רייך!
מען וועט אייך נישט שענקען,
איר וועט עס אויסקרענקען —
א מבול עס קלויבט זיך אויף אייך.

די, וואָס לעבן אין נויטן,
זיי וועלן זיך גרייטן,
זיי וועלן בויען א קאסטן פאַרויס.
איר וועט קומען זיך בעטן,
מ'זאָל אייך אויך רעטן,
נאָר שרייען וועט מען אייך — ארויס!

פריד חזרט איבער מיט פארקוועטשטע אויגן די לעצטע סטראָפע. נפתלי דרייט זיך נערוועז, ווינקט צו ברייטערן, וועלכער באַרואיקט אים.

ברייטער:
(מיט א זיפץ) אך, וואָס פאר א וווּנדערבארע לידער! דאָס זיינען באמת ווארע סאָציאַליסטישע געזאַנגען! (ערנסט) אָבער דער מבול, באַלעבאָס, האָט זיך עפּעס צו לאַנג פארהאַלטן, און מיר מוזן נאָך אַלץ מאכן כאַליעוועס פאר אייך (רופט אויס הויך) לייווינט, באַלעבאָס, לייווינט. ס'נישטאָ מיט וואָס צו ריכטעווען!

פריד קוקט זיך ארום אן אויסגעלאָשענער. גייט פּאמעלעך אַרויס מיט דער טיר צו זיך אין דער ווינונג.

נפתלי כאפט זיך צו צום פענצטער, דרייט איבער די שטיוול־כאַליעוועס, גייט צוריק צום טיש, קוקט אומרואיק צו דער גאס־טיר.

עס הערן זיך ווידער עטלעכע אויסגעשרייען פון צייטונגס־פארקויפער.

נפתלי:
(אָנגעשטרענגט) עפּעס האָט געמוזט געשען.

ברייטער און טשערמאַק קוקן אים פארוווּנדערט אָן. זיין אומרו גיט זיך זיי איבער.

טשערמאַק:
אפשר וועל איך זיך אַוועקשטעלן פארן טיר.

נפתלי:

צו וואָס? זי וועט אליין דערזען... (ווינקט אין דער זייט פון פענצ־טער) אז מ׳קאָן שוין, זאָל עס נאָר דעם באלעבאָס נישט אָנטראָגן צו גיך.

פארן פענצטער באווייזט זיך ווידער פעליע. ברייטער, טשער־מאק כאפן זיך פון די ערטער. שמיל קוקט זיי נאָך מיט א זייטיקן בליק, נעמט זיך ענערגישער צו דער ארבעט.

נפתלי:

(צו ברייטערן און טשערמאקן מיט א האנט־באוועגונג, זיי זאָלן זיך אומקערן אויף זייערע ארבעטס־פלעצער) וואָס באאומרואיקט איך זיך. לאָזט עס מיר. ס׳איז מיין זאך.

שמיל:

(שטיל, מיט פאָרוווּרף) „דיין זאך". און מיר ווילן נישט ליידן פאר קיין פרעמדע זינד.

טשערמאק:

(אויפגערעגט, דראָענדיק) האָסטו די ברירה! סיידן דו ביזט שוין א שותף נישט בלויז צו פרידס סאָציאליזמוס, נאָר צו זיין וואר־שטאַט אויך.

סיקומט אריין פעליע. מיטעלער וווּקס. א בלאס, דראָבנער פנים. באשיידן אָנגעטאָן. האלט א ביכל אונטערן אָרעם. א האנט־בייטל אין דער צווייטער האנט. ביים אריינקומען ווארפט זי אן אָנגעשטרענגטן בליק, באלד ענדערט זי דעם אויסדרוק פון פנים, אויף וועלכן עס באווייזט זיך א העפלעכקייט־שמייכל. באגריסט אלעמען מיט א „גוט־מאָרגן". גייט צו צו נפתלין, דערלאנגט אים די האנט. נפתלי פארהאלט זי ביי זיך. קוקט מיט אומרו אין אירע אויגן. אלע ארבעטן. טשערמאק ווארפט פון צייט צו צייט א בליק אויף דער טיר פון דער וווינונג פון באלעבאָס. ברייטער קוקט אויפן פענצטער און אויף דער גאס־טיר.

נפתלי:

(מיט א געדעמפטער שטימע) עפּעס איז געשען, פעליע?

פעליע:

וואָס אזוינס? (מיט געמאכטער רואיקייט) פשוט זיך פארבענקט נאָך דיר.

נפתלי:

(לאָזט אראָפּ די אויגן, דריקט פּעליעס האַנט) זאָג! איך ווייס... נאָך איידער דו ביסט אַריינגעקומען, האָב איך געפילט. וואָס איז געשען?

פּעליע:

(נעמט צו די האַנט) מ'האָט היינט אין אוניווערזיטעט־פּראָפעסאָר־טאָריום געבראַכט א שרעקלעך־צעקאַליעטשעטן מת.

נפתלי:

(צאַפּלט אויף) ווער איז עס געווען?

פּעליע:

(גלייכגילטיק) וואָס ווייס איך? און גראָד האָט דער פּראָפעסאָר מיך געהייסן מאַכן די סעקציע... בר...רר (טרייסלט אויף) ער שטייט מיר כסדר פאַר די אויגן.

נפתלי:

(אַן אנטוישטער. רעדט נערוועז) פאַרוואָס זאָגסטו מיר נישט? ס'איז דאָך א שאָד יעדע רגע.

פּעליע:

(מיט א געמאַכטן שמייכל, רעדט שטיל, דייער געלאַסן) קוק מיר, טייערער, גלייך אין די אויגן. אָט אַזוי רואיק, ווי איך וועל דיר דערציילן, זאָלסטו הערן און שווייגן. גוט?! (פליסטערט) ס'איז געשען...

נפתלי:

(אויפגערעגט) זאָג־זשע, וואָס איז געשען?

פּעליע:

וווּ איז דיין וואָרט? כ'הערקען דיך גאָרנישט, טאַליק. וווּ איז דיין רואיקייט? (רעדט נאָענט ביי זיין אויער) הער זיך איין: דער פּראָוואָקאַטאָר צעכנאָווסקי...

נפתלי:

(צינדט זיך אָן) דאָ, ביי אונדז?

פּעליע:

(איינגעהאַלטן) רואיק, חבר. (נאָך א קליינער פּויזע) ניין, אין וואַרשע. מען האָט געשאָסן אין צעכנאָווסקין...

נפתלי:

(מיט ברייט־צעעפנטע אויגן און קוים איינגעהאלטענעם געשריי) אזוי! ענדלעך! (שטילער) איך האב געוווסט — ווי דען? לאזן לעבן דעם אויסוואורף, ער זאל אונדז נאכאנאנד טרעטן אויף די פיענטעס! פעלינקע (כאפט זי פאר דער האנט; דריקט זי צו זיך)

פעליע:

(מיט א געענדערטער שטימע, אין וועלכער עס רייסן זיך דורך טרויער־טענער. באפרייט פאמעלעך איר האנט) אן אומגליק איז געשען.

אלע, אויך שמיל און קאץ — הערן זיך אָנגעשטרענגט צו.

נפתלי:

(ארויסקרעכצנדיק) אן אומגליק?! וואס הייסט?

פעליע:

דער פראוואקאטאר לעבט. די קויל האט אים נישט געטראפן...

נפתלי:

(אָנגעשטרענגט, ווי פארשטארט) ער לעבט? ווי אזוי איז דאס מעג־לעך? שיסן און נישט טרעפן? ווער, ווער טוט עס אזוי? (פאר־צווייפלט) פארוואס האט ער זיך אונטערגענומען...

פעליע:

(שטרענג) משפט נישט! דער שונא קלויבט זיך זיי צו משפטן...

ברייטער רייסט זיך ארויס פון הינטער דער מאשין. בלייבט שטיין. קוקט אָנגעשטרענגט אויף פעליען.

נפתלי:

(שטיל) ווי אזוי איז עס געשען? מ'האט אים געכאפט?

פעליע:

(בארואיקט) דריי זייגער זיי געווען. און יעדער איינער איז געגאנגען מיט דער זיכערקייט, אז ער וועט טרעפן אין סאמע קאפ פון פראַ־וואקאטאר.

משערמאַק:

אזש דריי? און נישט געטראָפן?

פעליע:

דריי. היבנער, רוטקאָווסקי, קניעוווסקי — און יעדער פון זיי האָט געציילט... (נאָך שטילער) און ער, דער פּראָוואָקאַטאָר לעבט...

נפתלי:

(ווי ער וואָלט זיך ערשט געכאַפּט — אנטשיידן) וועט ער נישט לעבן! (העכער) ער וועט נישט לעבן, זאָג איך אייך!

פעליע:

מ'דאַרף זיי ראַטעווען, איר פאַרשטייט? (צו נפתלין) ס'איז דאָך היבנער — פון דער סאַמער פּראָנט־ליניע... נאָך פון פינפטן יאָר... און רוטקאָווסקי, קניעווסקי — יונגע, אַזוי ווי מיר. (פויזע. בייגט זיך צו נאָענט צו נפתלין, פּליסטערנדיק, האַרט, באַפעלעריש) אומעטום רופן מיר מאַסןוקעס. זעקס אַזייגער — ביי די העטמאַן־וואַלן... קורצע שטריקן, פאָדערן באַפרייען זיי (בייגט זיך צו נעענטער צו נפתלין) ששדזשאַראַק האָט אָנגעזאָגט — דו ביסט פאַראַנטוואָרטלעך פאַר לעדער (וואַרפט אויף אלעמען אן אנט־שלאָסענעם, אָנגעשטרענגטן בליק. הייבט אָן פאַמעלעך אוועקצוגיין, א פאַרטראַכטע אין זיך. אלע בלייבן ווי פאַרשטאַרט. פון דער טיר קערט זיך פעליע אום צו נפתלין) איך האָב דיר געבראַכט „צע־מענט" — (גיט אים דאָס בוך) וועגן דאַשען, געדענקסט? איך האָב דיר דערציילט, א האַרטע געווען... (באַגעגענען זיך מיט די בליקן, פעליע געזעגנט זיך מיט אַלעמען „א גוטן טאָג, חברים".)

ברייטער:

(ווי צו זיך) א זעלנער, און אויסגעדינטן זעלנער האָט מען באַ־דאַרפט. שיסטו — איז געטראָפן!

שמיל:

(פאָרזיכטיק, מיט איינגעהאַלטענעם סאַרקאַזם) ווי וועסטן דאָ טרעפן, ווו? אז א פּראָוואָקאַטאָר זיצט אויף א פּראָוואָקאַטאָר...

משערמאַק:

(אויפגערעגט) הער נאָר, דו, קעמפער איינער, וואָס זיך ס'מויל אויס. האָסט דאָך געהערט (סודותדיק) היבנער, רוטקאָווסקי, קניעוו־סקי... נו, און... איך, און ער, און מיר — מיר זיינען דאָך אין די טורמעס!

קאַין:

(מיט אַ שטילן קרעכץ) טויזנטער קרבנות, איז וואָס? פּולע תּפיסות איז וואָס? האָט זיך דען עפּעס געענדערט? איין פּראָוואָקאַטאָר מער — איינער — ווייניקער...

משערמאַק:

ס'קלאָג־מוטערל האָט זיך צעפּישטשעט. באַהאַלט דיין קרעכצעניש פאַרן כותל מערבי. ביי אונדז טוט מען.

ברייטער:

ווי דען! היבנער, רוטקאָווסקי, קניעווסקי, ענגעל און... (ביילט צו־נויף די פויסט צוזאַמען מיט אַ כאַליעווקע).

קאַין:

מען טוט... מען טוט... וואָס קומט אָבער אַרויס? איר ווילט רק פאַר־לויפן דעם וועג, און די צייט, ווי איר זעט, איילט זיך גאָר נישט.

נפתלי:

(מיט אַ געדעמפטער שטים, איילעק) ווען מיר זיי אונטעריאָגן. אויף דעם זיינען מיר דאָך! יאָ, מיר איילן זיך, שטאַרק איילן מיר זיך (פויזע. רעדט שטיל, מיט זיין געוויינלעכער רואיקייט, פאַר־טראַכט אין זיך) אַמאָלט האָב איך עס געלייענט... געווען אַזאַ מעשה־שרייבער — מ'זאָגט, מיט טויזנטער יאָרן צוריק — דערציילט ער, אַז אַ גייער האָט געטראָפן אויפן וועג אַן אַלטן מאַן. מיר איז ער געווען דער גייער, און געוואָלט וואָס שנעלער צוקומען צו אַ מענטשלעך הויז, פרעגט ער ביים אַלטן: „ווי ווייט איז פון דאַ־נעט צו אַ ישוב?” ענטפערט אים דער אַלטער מאַן: „גיי!” חידושט זיך דער מענטש און פרעגט נאָכאַמאָל: „ווי ווייט איז פון דאַנעט צו אַ ישוב?!” און דער אַלטער, אַזוי ווי פריער, ענטפערט אים קאַלטבלוטיק: „גיי!” פאַלט שוין דער גייער אַריין אין כעס און צעשרייט זיך אויפן קול: „ביסט חסר־דעה? אפשר מאַכסטו פון מיר גלאַט חוזק, אָדער דו ווילסט בכלל נישט ענטפערן?!” און דער אַלטער, אַזוי געלאַסן, ווי פריער, ענטפערט אים צום דריטן מאָל: „גיי!”, און נאָך אַ רגע שוויגן גיט ער צו: „אַז דו וועסט גיין, וועל איך ערשט וויסן, ווי ווייט עס איז פאַר דיר דער ישוב. וועסטו גיין קריפּטיק, שנעל — איז דער ישוב גאַר נאָענט. וועסטו פּלאָנטערן מיט די פיס — איז ער זייער ווייט... (קוקט אויף אַלע־

מען מיט אויפגעפלאמטע אויגן. צו קאצן — מיט כעס) פּלאָנטערט זיך ניִשט אונטער די פֿיס! איך זעט האָך, ווי מיר גייען...

פאַרהאַנג פאַלט שנעל

## 4־טע סצענע

דאָס זעלבע בוידעם־שטיבל, ווי אין דער ערשטער סצענע. ציכטיק. אויפגערוימט, דער פענצטער פארצויגן מיט א ווייס פאָר־האנגל. אויף דער נייַ־מאשין ליגן נישט פארענדיקטע קליידער. אויפן עק טיש — א פרעסל. ביי דער וואנט, אונטערן שפּיגל — א קליינע עטאזשערקע. אויף דער אויבערשטער פּאָליצע — עטלעכע ביכלעך, אויף דער אונטערשטער — טעצלעך, גלעזער, פּאָרצעלייע־נע טעפּעלעך.

די קאָלדרע אויף דער פראָנט־וואנט איז אָפּגעדעקט, דאָס בוידעם־טירל — אָפן. פּיאָטר שטייט איינגעבויגן איבער דעם טירל.

פּיאָטר:

(רעדט אריין אין בוידעם) נו, משווינעק, עס קומט עפּעס ארויס?

נפתלי:

(פון בוידעם ארויס) ס'מוז ארויסקומען.

פּיאָטר גלייכט זיך אויס. שפּאנט איבערן צימער. בליקט ארויס דורכן פענצטער. דרייט זיך אויס. גייט צו צו דער עטאזשער־קע, באקוקט די ביכער. חידושט זיך. נפתלי קריכט שטיל ארויס פון בוידעם, אן אויסגעשמירטער אין קאלך. דערזעט פּיאָטרן שטיין ביי די ביכער, לאָזט פּאמעלעך אראָפּ זיין בליק.

פּיאָטר:

לייענסט? געדענק, אבער מיט מאָלק! דאָ, ברודערקע, דאַרף מען זיך קאָנען פונאנדערקלייבן. זי העלפט דיר?

נפתלי:

(ווענדט אָפּ זיין בליק) יאָ, דאָס איז אביסל שווערער ווי מאכן א מעלינע (ענערגיש) ס'וועט זיין א מעלינע — ערשטע קלאס!

כאַטש שטעל אַוועק אַ גאַנצע דרוקעריי. כ'קען האָך דאָ יעדעס מויזן־לאָך. בלויז הער קוימענקערער קריכט דאָ אַמאָל אַרויף. מ'קאָן זיך אַראָפּלאָזן גלייך אין שכנישן הויף. אָבער הערצו האַרף מען זיין אַ ספּאָרטסמאַן (צעשמייכלט זיך)

פּיאָטר:

אַז מ'דאַרף מאַכן פּיס, ווערט מען אַפילו אין מיין עלטער אַ ספּאָרטסמאַן. (נעמט ריינקן נפתליס מאַרינאַרקע) ס'האָט זיך פּונקט אַזוי געמאַכט — דער שוואַרץ־יאָר האָט אָנגעטראָגן צו מיר אַ קרובה פון דאָרף. קוקט זי מיר אַריין אין טעפּל. כ'האָב מיר איינ־געהאַנדלט אַן אייגענע משפּחה־דעפּענסיווע (ביידע צעלאַכן זיך) אין האָ גיט זשדזשאַראַק צו וויסן, אַז שוין! מיר מוזן זיך נאָך הייַנט טרעפן. וואָלט ער אליין בלויז געדאַרפט קומען — איז נאָך אַ האַלבע צרה. כ'וואָלט איר שוין ווי נישט איז פאַרדעדט די ציין. אָבער פעליע? אַלע אַרום וואָלטן באַלד געוווסט, אַז צו מיר קומט אַ זשידאָווקע... אפשר גאָר אַ קאַכאַנקע! (ביידע לאַכן) אַ שיינער געלעכטער. זשדזשאַראַק איז ביי געווען, ווי טויזנט מאַליערעס: ווי קום איך צו נעמען דיין באַטע! ווייסט האָך, ווי אָפּגעהיט ער איז...

נפתלי:

(שטיל, פאַרטרוימט) כ'האָב אים נאָך קיינמאָל נישט געזען.

פּיאָטר:

איז גוט, וואָס כ'האָב אים דעם פּאַראָל געגעבן. ער ווייסט וועגן דיר, ווי דו וואָלסט אויף זייַנע הענט אויסגעוואַקסן.

נפתלי:

כ'האָב זיך נאָך קיינמאָל מיט אים נישט געטראָפן. מיר דוכט זיך אָבער, אַז כ'וואָלט אים סיי ווי דערקענט. אין יעדער אונדזער אַר־בעט פיל איך זיין האַנט. אַ כוח ביי אים, אמת?

פּיאָטר:

יאָ, ער איז פונם האַרטן צענדליק. אויסגעפּרוווט — אין פייער און אין וואַסער.

נפתלי:

(קוקט אָנגעשטרענגט לאַנג אויף פּיאָטרן. בעטנדיק) פּיאָטר, ער מוז מיך אויסהערן!

פּיאָטר:

(פֿאַרווונדערט) וואָס אַזוינס? וואָס איז מיט דיר, קליינער? (פֿאַרטערלעד־וואַרעם) דו ביסט עפּעס די לעצטע צייט נישט מיט אַלעמען.

נפֿתּלי:

(מיט לייכטער איראָניע) איז דען ווייניק, אַז כ'בין מיט דיר, מיט זשודזשאַראַקן — מיט וועמען נאָך זאָל איך זיין? (מיט אַ געענדערטער, געדעמפּטער שטימע) ווער נאָך, אַזוי ווי דו, ווייסט עס? (פֿאַרטרוימט) דו האָסט האָך מיר געגעבן אַזאַ גרויס לעבן! (פּויזע, אויפֿגעלעבטער) ניין, טאַקע, וואָס וואָלט פֿון מיר געוואָרן, ווען נישט דו? דאָס זעלבע, וואָס פֿון אונדזער ציג, וואָס ציפּט אַ גאַנצן טאָג דאָס גראָז ביים מיסטקאַסטן. פֿאַראַן אַזעלכע, וואָס מיינען, אַז דאָס הייסט טאַקע לעבן!

פּיאָטר:

(מיט ברייט־צעעפֿנטע פֿאַרחידושטע אויגן) זע, זע מאַליק, ביזט דאָך אַ גאַנצער פּאָעט געוואָרן!

נפֿתּלי:

אַ פּאָעט זאָגסטו? (פֿאַרטראַכט) מיר האָבן אַ ייִדישן פּאָעט, אַן אונדזעריקן, אַן איינציקן. ווי ס'דרוקט זיך נאָר אָפּ זיינס אַ ליד — שרייב איך עס איבער, חזר איך עס אויס, אויף אויסנווייניק. הער, הער פּיאָטר (רעציטירט נישט אָראָפּלאָזנדיק זיינע אָנטציקטע אויגן פֿון פּיאָטרן):

„און איר האָט מיך אַ קליינינקן גערופֿן מיט די הענט,
ווי מאַמעס ערשט געקומענע, ווי מאַמעס נאָענטע ליבע,
און כ'האָב זיך צוגעהערט, און כ'האָב זיך פֿאַרגעדענקט
די ווערטער: — „מאַלאָדיעץ", „טאָווארישטש" און
„ספּאַסיבאָ".

(וואַרט עקשנותדיק אויף פּיאָטרס וואָרט) אַזוי ווי ער וואָלט דיך און מיך געקענט!

פּיאָטר:

(נשתומם) זע, זע, ווי קומט עס טאַקע?

נפתלי:

(אַ צופרידענער) האָסט זיך דערמאָנט?! אַקוראַט, ווי ער וואָלט דאַן — מיט וויפל יאָר צוריק? — אונדז נאָכגעגאַנגען און אונטערגעהערט. געדענקסט? האָסט מיך נאָכן טויט פון מיין טאַטן אַרויסגעפירט פון שטוב און צום ערשטן מאָל דיין מעשה דערציילט. געדענקסט? א י ך וועל עס שוין קיינמאָל נישט פאַרגעסן... (פאַרטראַכט) האָסט מיך באַרן האַנט גענומען, ווי אַ קליינינקן. און איך... איך האָב פּלוצעם אויפגעהערט צו פילן, אַז כ'בין געבליבן אַ יתום!

פּיאָטר:

הערסט, חכם איינער, אָט דאָס האָב איך דאָך טאַקע געוואָלט.

נפתלי:

(שאָקלט אומבאַשטימט מיטן קאָפּ, ווי ער וואָלט פּיאָטרס רייד אינגאַנצן נישט געהערט) כ'וועל עס אויפן גאַנצן לעבן פאַרגעדענקען... (רעדט אייליק) פּיזכט אַן אָפּטייל אַרבעטער, זעלנער. איר גייט איינ־נעמען די פּאָטשט אין פּעטראָגראַד. אַ באַפעל האָסטו באַקומען — פון דער סאַמער רעוואָלוציע. און אָט ביסטו געקומען אין שטאָב (פּיאָטר פאָרשט נאָך יעדע באַוועגונג נפתּליס, שאָקלט באַשטעטיקנדיק מיטן קאָפּ) שטעלסט זיך אַוועק, גיסט אַ קלאַפּ מיט די שטיוול־אָפּצאַסן, ביסט גרייט צום ראַפּאָרטירן, און... און ס'קריכט דיר קיין איין וואָרט נישט פון האַלדז. אָט אָ דאָ שטייט סטאַלין און דאָ (ווייזט אויף לינקס) אַ?

פּיאָטר:

(מיטגעצויגן מיט נפתּליס האַסטיקן דערציילן) ניין, נישט דאָ. רעכטס, אַביסל הינטער אים...

נפתלי:

א—הא! אָט דאָ (ווייזט אויף רעכטס) האָסטו דערזען דיין אַלטן קאַטאָרגע־חבר, יוזעפֿן! (א צעשטראַלטער, מיט פרייד אין די אויגן) און דו שטייסט נאָך אַלץ מיט אַן אָפּגענומענעם לשון. גלאָצסט מיט די אויגן. קאָנסט קיין וואָרט נישט אַרויסבאַקומען. און האָ איז צו דיר אַזוי אומבאַמערקט צוגעקומען סטאַלין. אַזאַ צעשמייכלטער. גענומען דיך ביי דער האַנט און בלויז דריי ווערטער געזאָגט: מאָלאָדיעץ, טאָוואַרישטש. ספּאַסיבאַ!

פּיאָטר:

(אַנטציקט) זע, זע, וואָס פאַר אַן אייזערנעם זכרון דער יאַט האָט! (דריקט נפתלין צו זיך צו) נו, און ווייטער, ווייטער...

נפתלי:

(קען נישט אָפּרייסן פון פּיאָטרן די צעשמייכלטע אויגן, פאַמעלעך ענדערט זיך זייער אויסדרוק אויף ערנסט, טרויעריקלעך. כאַפּט פּלוצעם פּיאָטרן ביי דער האַנט) העלף מיר, פּיאָטר! אויך דאָס מאָל העלף מיר, אזוי ווי שטענדיק...

פּיאָטר:

(פאַרוווּנדערט) וואָס איז מיט דיר פּאַרט געשען, ייִנגל? די הייבסט מיר עפּעס אָן נישט צו געפעלן. זאָג... פעליע?... (דרייט זיינע גרויע וואָנצן, מיט געמאַכטער הייטערקייט) דאָ, ברודערקע, קאָן איך דיר גאָרנישט העלפן. כ'שטיי נאָך אליין אין שידוכים...

נפתלי:

(מיט אַן אַראָפּגעלאָזענעם קאָפּ) וואָס, פעליע? זי איז א געלערנטע... זי וועט שוין באַלד זיין א דאָקטער. און איך — וואָס?

פּיאָטר:

פע. רעדסט פון די ביכלעך אַרויס... (שטיל) א קאָמוניסט ביסטו? נו, און זי? אָט האָט זייט איר!

נפתלי:

כ'ווייס, אז ס'האַרץ פאַלט ביי מיר אַרויס, איידער איך רעדז זי אַמאָל...

פּיאָטר:

(מיט ליבשאַפט) אָט דאָס איז עס דאָך טאַקע!

נפתלי:

(ענערגיש) ניין, נישט דאָס! (פּיאָטר קוקט אים פאַרוווּנדערט אָן) זאָל מען מיך שיקן קיין וואַרשע! כ'מוז פאָרן! רעד דו מיט זשדזשאַראַקן, נאָך היינט. אָט דאָ. כ'שווער דיר ביי דאָס הייליקסטע — ביי דער פּאַרטיי! איך וועל אים פּאַקן! איך וועל אים פון מיינע הענט נישט אַרויסלאָזן...

פיאָטר:

(מיט צונויפגעדריקטע ברעמען, שטרענג) וואָס איז אויף דיר פּלוצעם אָנגעפאַלן? צי זיינען מיר עס די באַשליסער? וואָס טוט זיך מיט דיר?

נפתלי:

(פאַרצווייפלט) מ'מוז האָך. ווי קאָן עס דען אַנדערש זיין? היבנער, רוטקאָווסקי, קניעזעווסקי... אַלע מוזן דאָך וואָס גיכער וויסן... מיר מוזן פאַרענדיקן — פאַר זיי, פאַר אונדז, ווי איז דאָס מעגלעך? העך פּראָוואָקאַטאָר לעבט און זיי זיינען אויסגעשטעלט אויפן טויט! און מיר אַלע? ווי איז דאָס מעגלעך, אַז יעדע רגע זאָל ער לויערן אויף זשדזשאַראַקן, אויף דיר, אויף פּעליען — אויף אונדז אַלע! ווי אַזוי איז דאָס מעגלעך, אַ? אַזוי פיל זיצן דאָך, ווערן גע־פּייניקט. איז ווי? זאָלן זיי נישט וויסן, אַז מיר האָבן פאַרענדיקט?

פיאָטר:

(מיט אַן איראָנישן שמייכל) פאַרענדיקט האָסטו? עך, ברודערקע, אומגעדולדיק ביסטו. צום פאַרענדיקן האַרף מען... (רייסט פּלוצעם איבער)

עס הערן זיך טריט אויף די טרעפּ.

נפתלי, מאָמענטאַל א געענדערטער, א קאָנצענטרירטער, ווינקט צו פּיאָטרן, וועלכער רוקט זיך אריין אין דעם בוידעם־טירל, אראָפּלאָזנדיק הינטער זיך די קאָלדרע.

סיקומט אריין לאה, אן איינגעהויקערטע, שטאַרק־פאַרעלטערטע. אויף איר פּנים — טיפע זאָרג. נאָך איר — שׂרה, בלאַס, אויף איר פּנים — האַרטקייט, עקשנות. זי איז אָנגעטאָן באַשיידן, אָבער אויפגעפּאַסט, מיט געשמאַק. ביידע טראָגן קוישלעך. נפתלי פּאָרשט נאָך, אן אומרואיקער, יעדע זייער באַוועגונג.

לאה:

(צו נפתלין) האָסט נאָך פון דער פרי אָן גאָרנישט געגעסן?

נפתלי:

וואָס איז געשען, מאַמע?

לאה:

זעסט דאָך (ווייזט אויף די קוישלעך) נישט אָנגענומען קיין עסן אין תּפיסה. פאַר קיינעם נישט — נישט פאַר די ווייבער, נישט פאַר

די מאַנסמאַרשווינען. (שאָקלט טרויעריק מיטן קאָפּ) זיי וועלן דאָרט אויסגיין, ווי די ליכט. ס'לעצטע מאָל האָט דאָך שוין עטלעכע אויסגעזען — א מויטן ליגט מען א שענערן איין דער ערד אריין. און רחמיאל... (קוקט מיט פאַרגלייזטע אויגן אויף שׂרהן)

נפתלי:

וואָס איז געשען, שׂרה?

שׂרה:

(גיט א צייכן מיטן פינגער אויפן מויל, ווייזט אויף דער מאַמען, רופט אָפּ נפתלין אין א זייט, רעדט אַזוי, אַז לאה זאָל נישט באַמערקן) כ'דאַרף נישט פּעליען. מ'מוז גלייך איבערגעבן (נעמט ארויס פון מויל א „גריפּס") מ'האָט זיי געשלאָגן. רחמיאל... (דרייט אויס דאָס פּנים, ווישט אָפּ א טרער, א באַהערשטע) א סך פון דער קאָמונע זיצן אין קאַרצער... זיי האָבן פּראָטעסטירט...

לאה:

וואָס סודעט איר זיך? וואָס באַהאַלט איר פון מיר?

נפתלי:

(גייט צו איר צו, דריקט זי צו צו זיך) פון דיר באַהאַלטן? מאַמע, פון אונדזערע — פון מיינע, פון דיינע, פון רחמיאלס און עטלעכע — שונאים באַהאַלטן מיר אויס...

לאה:

(וויגט זיך הין און צוריק) אַזויפיל זיינען זיי דאָ, אַלע, ווי די כלבים... עפּעס מער ווייבער ווי אַלעמאָל זיינען זיך היינט צונויפגעקומען ליעבן תפיסה. אפילו דאַרפישע (נפתלי זוכט שׂרהס בליק, ווי עפּעס פרעגנדיק) אָבער א מאַנסמאַרשווין האָט מען מיט קיין ליכט נישט אָנגעזען. ווייבער — אַז מ'נעמט נישט קיין פּעקלעך, האָט מען גענומען שרייען. קולות ביזן הימל. און פון יענער זייט מויער — פון די פענצטער האָט מען אויך געשריגן. האָבן זיי גענומען פייפן, האקן מיט די גומעס און שוין. וויפל דאַרפן זיי? (ווייזט אויף שׂרהן) זע, זע, די העלדינע. וואָס ביסטו געקראָכן פאַראויס? (צו נפתלין) די פּלייצע איז ביי איר איין ששיניאַק. (קלאָגט) פאַרוואָס קומט עס אונדז, רבונו של עולם...

נפתלי:

(טרייסטנדיק) מיר וועלן פאר אלץ, פאר אלץ, מאמע, אפּגעמען. זיי וועלן ענטפערן!...

עס עפנט זיך שטיל די טיר. סיקומט אריין זשדזשאראק. א בלאָנדער, העכער פון מיטלן וווקס, און ענערגיש פּנים. נעמט אראָפּ דעם הוט, באטראכט אלעמען ארום. שטעלט זיך אָפּ אויף שרהן. זי שטייט אויף, קוקט אים פארוואונדערט אָן. נפתלי כאפּט זיך — גייט אנטקעגן זשדזשאראַקן, בלייבט שטיין שווייגנדיק. לאה — דערשראָקן, פינטלט מיט די אויגן.

זשדזשאראַק:

(מילד, צו נפתלין) צי קאָן מען ביי אייך באשטעלן א סמאָקינג מיט צוויי פּאָר וויזיט־הויזן?

נפתלי:

(געריזט, ענטפערט שנעל) מיר נייען נאָר פאר מאגאזינען. (ציט אויס די האנט) קומט אריין, כ׳בעט אייך.

לאה:

(פינטלט שטארקער מיט די אויגן) וואָס רעדט ער, וואָס? איך פאר־שטיי ניט. ווער נייט דאָ מענער־אַנצוגן? בלויז ווייבער־קליידלעך. שרה, וואָס טוט זיך דאָ?

שרה:

(באַרואיקנדיק) זיי רואיק, מאמע, ס׳איז אלץ, ווי ס׳דארף צו זיין. מסתמא ווייסט דאָך נפתלי.

נפתלי:

אוודאי, מאמע, כ׳ווייס, כ׳ווייס. מיר האָבן א גוטן גאסט... (זשדזשא־ראק שמייכלט צו לאהן, צו אלעמען, קוקט זיך ארום. נפתלי גייט נעענטער צו צו לאהן, נעמט ארויס א מטבע פון קעשענע) קויף עפּעס צום עסן. מאמע, וועסט אפשר מאכן א גלאָז טיי?

לאה:

(א באַרואיקטע) וואָס דארף מען דאָ קויפן? (ווייזט אויף די קויש־לעך) עטלעכע מיט רחמיאלן האָבן אונדז שוין באַזאָרגט אויף היינט און אויף מאָרגן, פאר אייגענע און פאר געסט (קוקט אויף זשדזשא־ראַקן, וועלכער ענטפערט מיט א פרעגנדיקן בליק).

נפתלי:

נישט עסקע מיט רחמיאלן האָבן אונדז באַזאָרגט, נאָר דער מאַפּער, מאַמע. אַזוי לאַנג, ווי דו האָסט דערמיט צו טאָן! וויפֿל מאָל האָסטו אַליין אויף די צעטעלעך צונויפֿגעזאַמלט ביי שכנים, און דו רעדסט נאָך אַקוראַט, ווי דו וואָלסט נישט געוווּסט. (קוקט שמייכלענדיק צו זשדזשאַראַקן, גייט שנעל צו אים צו) זיצט, חבר זשדזשאַראַק, (ווישט אָפּ אַ בענקל) פֿילט זיך, אַזוי ווי ביי זיך אין דער היים — דאָ זייַנען אַלץ אייגענע.

זשדזשאַראַק:

(שמייכלט, בייגט זיך אָן צו נפֿתּלין) משווינעק? (נפֿתּלי שאָקלט באַשטעטיקנדיק מיטן קאָפּ) אָן אייגפאַל? ס'איז פּיאָטרס אַרבעט. גראַד ביי דיר זיך צונויפֿקומען! וויפֿל איך האָב שוין אין דעם אַלטן אַריינגערעדט. אומפֿאַרזיכטיקייט איז אַ שותּף פֿונם שונא! און ער... פֿון איך זיצן צוויי.

נפתלי:

מיין שוועסטער דאַרף שוין אַרויסגיין... איר מעגט זיין גאַנץ רויִק...

שרה:

שוין אַ צייט, זוי ביי אונדז איז ריין... קיינער קומט נישט. (טרויער־ריק) קיינער נישט. זינט רחמיאל זיצט... (רעדט צו נפֿתּלין, אַז זשדזשאַראַק זאָל הערן) מ'מוז דאָך פֿון שטאָט זיי העלפֿן... מ'האָט זיי געשלאָגן... אין קאַרצער איינגעזעצט. פֿאַרוואָס זאָל מען שווייגן?!
(דערלאַנגט זשדזשאַראַקן דעם „גריפּס")

זשדזשאַראַק:

איך ווייס וועגן דעם. (צו נפֿתּלין) צי האָט דיר פּעליע נישט איבער־געגעבן, וואָס מיר טוען? (צו שרהן) גלייבט מיר, חברטע, אַז מיר פֿאַרגעסן נישט אין זיי אויף קיין איין מינוט. איר זייט געווען ביי דער תּפֿיסה? (שרה שאָקלט אויף יאָ) איר האָט געזען דעם עולם? דאַרפֿישע זייַנען אויך געווען, אַ יאָ? (באַאומרואיקט) וואָס איז נאָך פּיאָטר נישטאָ?

נפתלי:

(איילט) ער איז דאָ, חבר זשדזשאַראַק. מיר האָבן דאָ צוזאַמען איינגעאָרדנט אַ מעלינע — נאָך אַן אַרויסגאַנג, ספּעציעל פֿאַר אייך! ווען זיי זאָלן זיך אַפֿילו אויפֿן קאָפּ שטעלן... און בכלל — דאָ

איז זיכער. (זשדזשאראק קוקט אים פארוואונדערט אָן) פּיאָטר איז א שכן — רעכנט זיך דאָך נישט. פּעליע (זשדזשאראק כאפּט אויף אים א פאַרשעמטן בליק, נפתלי הייבט אָן צו שטאמלען) כ׳מיין, זי קומט צו מיין שוועסטער, נייען זיך א קלייד... איז דאָך אַלץ אין אָרדענונג. (צו שרהן) כ׳מיין, אפשר וואָלסטו זיך אראָפּגעלאָזט אונטן, צו א שכנטע... ארויסקוקן צו דער גאס... אַ, ווי מיינסטו שרה?

שרה געזעגנט זיך אָן ווערטער מיט זשדזשאראקן, טוט אָן אויף זיך א טיכל, גייט ארויס.

נפתלי גייט צו צו דעם בוידעם־טירל, קלאפּט אויס א מאָרזע־צייכן. סיקומט אריין פּיאָטר, באגריסט זיך מיט זשדזשאראקן. זיי רוקן זיך נענטער צו צו דעם בוידעם־טירל, שמועסן שטיל.

נפתלי גייט פּאַרזיכטיק אהין און צוריק איבערן צימער. לאה זיצט אויפן בעט, באגלייט אים דערשראָקן מיט די אויגן.

לאה:

(שטיל) נפתלי, זון מיינער... (נפתלי שטעלט זיך אָפּ, זשמורעט מיט די אויגן) ס׳איז העז נישט קיין מורא... (ווייזט אויף זשדזשאראקן און פּיאָטרן)

נפתלי:

א מורא האָסטו?... (די אויגן פארקוקט ערגעץ א־ן דערווייטנס) ז יי וועלן ציטערן... פארן אייגענעם שאָטן, וועלן זיי מורא האָבן — וועסט זען, מאמע, זיי וועלן נאָך פארקריכן אין די לעכער, ווי די מייז...

לאה:

(שאָקלט מיטן קאָפּ) ווײ איז מיר, כ׳זאָל, חלילה, נאָך דיך פאר־לירן — וואָס בלייבט מיר שוין, וואָס? א דריט פּעקל אין תפיסה? מ׳עט דאָך שוין באלד קיין פּעקלעך נישט אָננעמען... (די לעצטע ווערטער זאָגט זי ארויס פליסטערנדיק) ווען וועט עס א סוף נעמען? נישט קיין לעבן, נאָר א...

נפתלי:

(לאָזט זיך אראָפּ אויפן בעט. רעדט מער צו זיך, ווי צו לאהן) א לעבן וועט זיין! דאָס אמתע לעבן, - וועסט זען, מאמע... (רעדט גאָר שטיל, די ווערטער דערגייען נישט).

זשדזשאראק:

(פארזאָרגט, שטרענג) ...אזוי איז עס ביי מעטאל, אזוי — ביי בוי, ביי די כעמישע, ביי לעדער — אומעטום. וועט עס ווייטער אזוי גיין, וועלן מיר בלייבן פון דרויסן. פּפּס, בונד — זיי דארפן דאָך נישט מער — אַ פּרעטעקסט, כדי די אלע אונדזערע ארויסצוווארפן פון די פאריינען. און די פאריינען האָבן ארבעטער געבויט. פאר אָפּגע־שפּאָרטע גראָשנס, פאר אָפּגענומענע ביסנס פון מויל. דו הערסט?! דאָס פארגעסט איר אלע, און שוין צו אָפּט! די פאריינען דארפן זיין פאר די ארבעטער. מיר מוזן — אזוי זאָלסטו זיי אלעמען זאָגן — מיר מוזן מיט ציין און נעגל זיך האלטן אין די פאריינען. דאָרט זיינען די מאסן. און מיר, מאָמער בלייבן מיר בלויז מיט די אייגענע, הייסט עס, אז מיר בלייבן בלויז מיט א קליינעם טייל. טאקע די בעסטע, די אנטשלאָסנסטע — אָבער דאָך א הייפל. וואָס־זשע קאָנען מיר דאָן אויפטאָן? אויף וועמען לאָזן מיר אלעמען איבער? אויפן בארהאָט פונם שונא?

פיאָטר:

(דרייט זיך נערוועז אויפן בענקל, צופּט זיך די וואָנסן. רייבט דעם שטערן) איך פארשטיי נישט, וואָס טוט זיך דאָ? דאָס זאָגסט דו אזוי, זשדזשאראק?

זשדזשאראק:

אזוי זאָגט די פארטיי!

פיאָטר:

כ'פארשטיי, כ'פארשטיי. אָבער צוליב אזעלכע ווערטער — ווי לאנג איז עס? — האָט מען דאָך פון מיר שיר נישט געמאכט אן אָפּאָר־טוניסט, א נאָכשלעפּער נאָך די אָפּגעשטאנענע... ביי אנדערע האָסטו געקאָנט פועלן, אז כ'בין שוין בכלל ערגעץ פארקראָכן, דער מיוול ווייסט ווו? — (קוקט שטרענג אָן זשדזשאראקן) צו נער־וועז זיינען מיר געוואָרן. ס'איז נישט קיין סימן פון כוח.

זשדזשאראק:

מיר פאראורטיילן די האָזיקע נערוועזקייט, ווי דו רופסט עס. זי קומט פון מענטשן, וואָס האָבן זיך פון שטאם אָפּגעריסן, אָדער זיינען קיינמאָל צו אים נישט געווען צוגעפּעסטיקט. מענטשן, פאר־בליבטע נאָר אין זיך, פון די מאסן אָפּגעריסן — ווילן זיי גאָר

דערקרעטן ארויסגעבן. אונדזער זאך וועט אבער דורך קיין שום דעק־רעטן נישט קומען. זי דארף מען דערגרייכן מיט די מוחות און הענט פון טויזנטער, פון מיליאנען. דיר דארף איך עס דען דער־ציילן? ביסט דאך געווען אין רוסלאנד...

פיאטר:

צי איך בין געווען! (קוקט זיך ארום, כאפט א בליק און טרעפט זיך צונויף מיט נפתליס בליק) אט נעם מיין פאבריק. דוכט זיך, וואס? וויפל ארבעטן מיר שוין, כדי ארויספירן דעם עולם אין שטרייק? אומגעדולדיקע האבן שוין א צלם געשטעלט, אויף מיר די גאנצע שולד ארויפגעווארפן. עך, ברידערלעך! איר קענט שלעכט אונדזערע מענטשן. אן ארבעטער, פארשטייסט, האט א ווייב, האט קינדער — א משפחה. ער מוז זיך אלץ, געוויס, פון פריער איבער־לייגן. דארף מען אים העלפן. אט דאס איז דער עיקר. און גייט ער שוין טאן — וויל ער פריער וויסן, ווי אזוי, וווּ, ווען — דארף מען ווייטער העלפן. א? האט ער זיך אבער גענומען צו דער ארבעט — איז האלט זיך, ברודער! מוייער! איך ווייס עס פון לאנג. איך האב געדולד...

זשדזשאראק:

(מיט אן אויסדרוק פון אומצופרידנקייט אויפן פנים) יא, געדולד, אבער נישט קיין קריכעניש ווידער. ס'איז אן אונטערשיד, דוכט זיך. מיר מיינען אזוי ארום פארשנעלערן אונדזער גאנג, מאכן אים מער וואגיקער, הילכיקער.

פיאטר:

און איך וואס מיין? איך מיין דען פארלאזן זיך אויף נסים? ס'איז קלאר — מ'דארף פארנעמען א פאזיציע, א סך פאזיציעס, כדי זיך צו שלאגן. און מיר וואס? נעם אזא פפסישן יאזשאמבעק, אדער בונדישן מאניש — ווייסט מען דאך — זייער פאך איז שטערן, אפטאן אלע הזרייען, אבי פטור ווערן פון אונדז. און מיר, אזוי ווי די קאפריזנע דאמעלעך — מיר גען זיך! מיט וועמען גען מיר זיך? די ארבעטער קומען דאך ווייטער אין פאריין.

זשדזשאראק:

ריכטיק. דארפן מיר דארט זיין, און זיך האלטן — מיט די ציין און נעגל זיך האלטן.

פיאָטר:

יאָ, מיט ציין און נעגל. פון אינעווייניק, אומעטום. כאַמש...

זשדזשאראַק:

(פאַרוואונדערט) כאַמש? וואָס פאַר א באוואָרעניש האסטו?

פיאָטר:

(מיט איראָניע) באוואָרעניש?... נאט באַהיט! (ענערגיש) אָבער כ'האָב עפּעס געלערנט אין מיין לעבן. כ'געדענק די יולי־טעג אין פעטראָגראַד. דער עולם האט זיך רק געריסן צום געווער...

זשדזשאראַק:

(צעעפנט אויף ברייט די אויגן) וואָס פאַר א משל איז עס? פאַר־נאַלאָפירסט זיך אַלטער!

פיאָטר:

א משל? קיין שום משל נישט. כ'קען דאָך מיינע מענטשן, כאַמש ביי מיר אויפן פאַבריק. ווען וואָס טראַכט מען ביי אונדז? מען טראַכט דער עיקר, וואָס אזוינס צו טאָן, כדי ביי דער נאָענטסטער רעדוקציע נישט ארויספאַלן מיט א לעצטן ביסן אין מויל. אָבער די אונדזעריקע...

זשדזשאראַק:

(שאָקלט מיטן קאָפּ, אויסדריקנדיק נאָך שטאַרקערע פאַרוואונדערונג) וואָס — די אונדזעריקע?! זיי זיינען דאָך די ערשטע קאַנדידאַטן אויף צו בלייבן פון דער אנדערער זייט פאַבריק־טויער.

פיאָטר:

אָט, אָט, אין דעם טאַקע גייט עס! דערפון שטאַמט עס ביי זיי די נערוועזקייט, די איילעניש. כאַמש גיט זיי שוין געווער אין די הענט! זיי וואָלטן אין יולי געוואָלט האָבן דאָס, וואָס קאָן געשען, ווי לע־נין האָט עס פינקטלעך אויסגערעכנט, ערשט אין נאָוועמבער. אָט איז דער גאַנצער משל! (קוקט אָן שמייכלענדיק זשדזשאראַקן. פאַר־טראַכט זיך. מיט א געענדערטן, אנטשלאָסענעם טאָן) חבר סעקרע־טאַר, איך וויל, אז דו זאָלסט איבערגעבן דעם צענטראַל־קאָמיטעט...

זשדזשאראַק:

(פאַרוואונדערט) דעם צענטראַל־קאָמיטעט? וואָס אזוינס?

פיאָטר:

(אין פריערדיקן טאָן) זאָלסט איבערגעבן אין צענטראַלקאָמיטעט, אַז נאָך היבנערן, רומקאָווסקין, קניעווסקין האָט ביי א סך פון די אונדזעריקע צו שמארק געגומען ביסן אין די דעלאַגאַציעס. אזא איי־נעם וועסטו שוין מיט קיין שטעקן נישט אריינטרייבן אין פאריין אריין, אָדער עפעס טאָן ביי די ארבעטלאָזע, צווישן פרויען — ער האָט שוין נישט פון קיין זשמודנע ארבעט (בייגט זיך נעענטער צו צו זשדזשאראקן, ווייזט מיטן פינגער אויף נפתלין, וועלכער כאפט אויף זיך ביידנס בליק, ווערט צעטומלט) אָט האָסטו פאר זיך אזא מין לעבעדיקן עקזעמפּליאר (שמייכלט) ער בעט ביי מיר א פּראָטעקציע צו דיר (צעלאכט זיך שטיל).

זשדזשאראָק:

יאָ, איך וויים וועגן דעם. (דרייט זיך פלוצעם אויס, קוקט אויף נפתלין, רופט אויס געלאסן) זייט אזוי גוט, חבר משווינעק.

נפתלי:

(גיט זיך א ריס, ווי ער וואָלט שוין לאנג אויף דעם רוף געווארט. לאה הייבט זיך אויף פון אָרט נאָך אים, בלייבט אָנמעכטיק שטיין מיט דערשראָקענע אויגן אָנגעשטעלטע אויף אלע דריי. זעצט זיך צוריק אוועק אויפן בעט, שאָקלענדיק מיטן קאָפּ. נפתלי רעדט, פלאָנטערנדיק מיט די ווערטער) חבר... חבר זשדזשאראק! כ'בין גרייט! אָט שוין, די רגע! איר קענט מיך נישט. פרעגט ביי פיאָטרן. ער קען מיך, נישט פון היינט (פיאָטר קוקט אויף אים גוטמוטיק, צוגעבנדיק אים דרייסטקייט) קיין סך פארשטייי איך נישט — ער ווייסט דאָך — כ'בין א פּראָסטער זעלנער (שטרעקט אויס זיינע הענט) א זעל־נער. גלייבט מיר, מיינע הענט וועלן קיינמאָל קיין ציטער נישט טאָן.

פיאָטר:

(שטיל, צו זשדזשאראקן) מיין ארבעט!

זשדזשאראָק:

(שמייכלט, א צופרידענער) איז גוט, חבר משווינעק, מאַקע א זעלנער! אלע זיינען מיר אזוי — זעלנער פון אונדזער גרויסער פארטיי. יאָ. באַקומסטו מאקע א באפעל, פארשטייכט? הער זיך צו מיט קאָפּ (נפתלי, אין פולער שפאנונג בויגט זיך אָן מיטן קאָפּ פאָרויס) דיך האָט מען דוכט זיך אויסגעשלאָסן פון פאריין? יאָ?

נפתלי:

(א צעטומלטער, א דעזאָריענטירטער, שאָקלט מיטן קאָפּ) יאָ...

זשדזשאראַק:

איז אַט — גראָד דיך מאכן מיר, פאראנטוואָרטלעך פארן פוילישן לעדער־פאריין, פארן יידישן, און דער עיקר — פאר דעם, וואָס דו, איך אַלע דאַרפט העלפן שאַפן — פאַרן איינהייטלעכן פאַריין. און טאָן דאַרף מען עס גרינטלעך און שנעל, וואָס גיכער. האָסט פאַר־שטאַנען?

נפתלי:

(צעטומלט, רעדט מעכאניש) יאָ, פאַרשטאַנען, אָבער...

פּיאָטר:

אָבער? וואָס פאַר אַן אָבער? (מיט לייכטער איראָניע) א זעלנער...

נפתלי:

(שטיל, פאַרצווייפלט) צי האָט דען א זעלנער נישט דאָס רעכט צו בעטן, אַז מ'זאָל אים שיקן אויף דער סאַמער ערשטער ליניע פון פראָנט? (צו פּיאָטרן, בעטנדיק) דו אַליין האָסט דאָך מיר דערציילט, האָסט ביי יוזעפן געבעטן און אָפּגעבעטן, ער זאָל דיך נישט לאָזן ערגעץ מיט, אין הינטערלאַנד, ער זאָל דיך שיקן נאָר אויפן סאַמע פראָנט פון בירגערקריג...

פּיאָטר:

(פאַרדריסלעך, פּלאָנטערט) יאָ, אוודאי, זו'הייסט ווי הייסט? (כאַפּט זיך, טריאומפירנדיק) מיר שיקן דיך טאַקע אויפן פראָנט, אויף דער סאַמער ערשטער ליניע — אָפּשלאָגן ביים שונא זיין ווייכטיקסטע פאָר־זיציע — געווינען די הערצער, די מוחות...

נפתלי:

(שאָקלט מיטן קאָפּ, פאַרצווייפלט) כ'וועל אַלץ טאָן... אַלץ! אָבער געטרויט מיר. לאָזט מיר קודם א י ם פּטרן. ער גייט דאָך אונדז נאָך פּוסטראָט. ער לאָזט דאָך אונדז נישט זיך א ריר טאָן!... צעכ־נאָווסקי... דער פּראָוואָקאַטאָר...

פּיאָטר:

(צו זשדזשאראַקן) וואָס האָב איך געזאָגט? נערוון!

זשדזשאראק:

(רואיק, מיט איראָניע) דיין אַרבעט!... (קוקט פּאַטערלעד־וואָרעם אויף נפתלין, נעמט אים ביי דער האנט) הערמאָן זיך חבר משוויניעס, א יאָר איז דאָך סך־הכּל אדורך — געדענקסטו? (הויבט אָן צו רעדן, שטייט אויף פון בענקל, לייגט ארויף זיין האנט אויף נפתליס אקסל. אין מיטן שטייט אויך אויף פּיאָטר — אלע דריי קוקן איי־נער אויפן צווייטן — לאה — מיט דערשטוינונג און דרך־ארץ) „מיר שווערן דיר, חבר לעניו, צו היטן ווי אן אויג אין קאָפּ אונ־דזער פּארטיי".

נפתלי:

(שטיל, פארטראכט) אזוי האָט סטאלין געשווירן...

זשדזשאראק:

פאר אונדז אלעמען! דאָס מיינסטו פאר אונדז, דער זין פון אונ־דזער גאנצן לעבן — די פּארטיי! זי דארפן מיר אָפּהיטן און איינ־היטן.

נפתלי:

יאָ, מיט ליב און לעבן, מיט אלץ!

זשדזשאראק:

(ענדערט דעם טאָן, באפעלעריש) און אַט שיקן מיר דיך, אז דו זאָלסט גיין אָפּהיטן און באשיצן אונדזער פּארטיי!

נפתלי:

(קוקט אים אָן מיט צעצונדענע אויגן) ווי אזוי? כ'פארשטיי נישט, ווי אזוי? איך מיין — קודם כּל אָפּהאקן די נעגל ביי יענע, וואָס ווילן אונדז דערשטיקן, פטרן די, וואָס ווילן זיך הערקלויבן צו אונדזער הארץ, צו אונדזערע הענט און זיי אָפּהענטיק מאכן. ווי אזוי באשיצן די פּארטיי, אויב פריער נישט פטרן די פּראָוואָקאטאָרן, וואָס רייסן פון אונדז לעבעדיקע שטיקער?!

זשדזשאראק:

(רואיק, עטוואָס מיט א געהעכערטן טאָן) אַט האָסטו דיר! אז מ'רעדט דערדערטמ מען זיך. (אָנגרייפעריש צו נפתלין) און דו האָסט זיך פּשוט הערשראָקן. פון א פּראָוואָקאטאָר איז אין דיינע אויגן געוואָרן עפּעס א גאנצע הונדערטחקעפיקע בעסטיע. הער זיך

איין, חבר טשווינעק, כ׳מיין ערנסט — דו מוזט קודם קומען צו זיך. און דו מוזט פארשטיין: מיר זיינען געפערלעך פארן שונא? יאָ, געפערלעך! (נפתלי שאָקלט צו מיטן קאָפּ) ראנגלט ער זיך קעגן אונדז? יאָ, ער ראנגלט זיך. אָט אזוי ווי ער קאָן — חיהש, ווילד, שענדלעך. ער שיקט אריין צו אונדז זיינע פארמאסקירטע אגענטן. מוזן מיר ווערן נאָך מער געפערלעך פארן שונא? אוודאי, ווי דען, צו וואָס דען זיינען מיר? און מיר וועלן עס ווערן נאָר דעמלט, ווען צו אונדזער וואָרט וועלן זיך צוהערן טויזנטער, הונדערטער טויזנטער.

נפתלי:

איך פארשטיי! דאָס פארשטיי איך זייער גוט!

זשהזשאראַק:

איז אויסגעצייכנט. טאָ פארשטיי־זשע אויך, טייערער חבר, אז מיר וועלן שטארקער ווערן, וועט דער שונא ווערן נאָך ווילדער, ער וועט פרוון שיקן נאָך מער שפּיאָנען און דאָס — אין סאמע מיטן פון אונדזער ארמיי. ער וועט צעברעכן שוואכע, שאנטאזשירן דערשראָקענע. און מיר וועלן זיך באשיצן, מיר וועלן זיך נאָך שטארקער פארטיידיקן, קעמפן אומברחמנותדיק!

נפתלי:

(אנטציקט) אזוי ווי ענגעל, ווי היבנער...

זשהזשאראַק:

יאָ, זיכער. אָבער א מויער, א שטענדיקע, א מעכטיקע שוץ־וואנט פאר אונדז, פאר דיין און מיין פארטיי — דאָס זיינען קודם־כל טויזנטער, הונדערטער טויזנטער פּשוטע, ערלעכע ארבעטס־מענטשן. דאָ זיינען מיר זיכער, דאָ וועט פארן סאמע צעוישעטן שונא אויסוואקסן א צוים, דורך וועלכן ער וועט אויף קיין פאל נישט דורכקריכן. האָסט פארשטאנען?

פּיאָטר:

וואָס פרעגסטו, וואָס? צי ער האָט פארשטאנען!

נפתלי:

(קוקט מיט גלויביקע אויגן אויף פּיאָטרן, אויף זשדזשאראַקן) פארשטאנען, אוודאי, דאָס איז דאָך אזוי... דאָס איז דאָך אמת...

זשדזשאראק:

(א צופרידענער) איז גוט. שיקן מיר דיך — גיי, העלף שאפן די פארטיידיקונגס־ליניע, אָט אָ די שויץ־וואנט פאר אונדזער פארטיי!

נפתלי:

(קוקט עקשנותדיק אויף זשדזשאראקן, ווי אים וואָלט עפעס א גע־דאנק געעקבערט) איך, הייסט עס... איך פארשטיי, אז...

(שפיצט פלוצעם אָן דעם געהער. גייט אָפּ אַביסל אויף צוריק. אלע קוקן אָנגעשטרענגט אויף אים. נפתלי — א בארואיקטער, מאכט מיט דער האַנט צו אַלעמען, זיי זאָלן זיך זעצן) אָן אייגענער.

אנטשפאנונג. סקומט ארײן פּעליע, באגעגנט נפתלין ביי דער טיר, ווארפט א פאַרשעריטן בליק אויף אלעמען. לאָזט זיך גיין צו זשדזשאראקן, קוקט זיך נאָך אמאָל אום, ווי זוכנדיק אן אָרט, ווו אוועקצולייגן דעם מאנטל, גייט צו צו לאהן.

פּעליע:

(זעצט זיך צו צו איר אויפן בעט) וואָס מאכט איר, מומע? געהאט היינט אביסל עגמת־נפש?

לאה:

זעט, איר ווייסט שוין? אלץ ווייסט איר! וואָס איז מיט זיי געשען? וואָס וועט זיין מיט זיי, מיט מיינע קינדער, אָן עסן, אָן זעונגען...

פּעליע:

(פאַרקעט זיך ביי איר האנט־בייטל. נעמט ארויס א צעטעלע, קוקט אין אים ארײן, ווענדט זיך צו זשדזשאראקן און פּיאָטרן) צוויי וואָכן אָן פעקלעך פון דער פריי, אָן זעונגען, שטרענגע איזאָלאציע (צו לאהן) ס'איז דען א נאָווינע, מומינקע (שלעפט אראָפּ דעם בערעט פון קאָפּ, מיד) אפשר קאָן מען, מומע, בעטן ביי אייך א גלאָז טיי.

לאה:

אָט, באלד, טאָכטערקע (קוקט אויף פעליען מיט ליבשאפט און באַ־דויערן) אויף דעם האָבן טאטע־מאמע העם ביסן פון מויל זיך אָפּ־גענומען, לערנען געגעבן און איצט מארנעוועט זי זיך אזוי.

פּעליע:

(צוזדריקנדיק לאהן צו זיך) וואָס רעדט איר מייערע, איך מארנעווע זיך? טאטע־מאמע האָבן מיר געהאָלפן, איך... ס'הייסט מיר ווילן אייך העלפן.

לאה:

(שטייט אויף) נפתלי, וואָלסט געפרעגט ביי דיינע געסט, אפשר וועלן זיי עפּעס עסן אין מויל אריין? (גייט צו צו דער פּליטע)

פעליע הויבט זיך שנעל אויף, גייט צו צו זשדזשאראקן, איר פּנים ענדערט זיך מאָמענטאַל, ווערט שטרענג, ערנסט.

זשדזשאראק:

נייעס? גוטע אָדער שלעכטע?

פעליע:

(פארהאלט א רגע איר בליק אויף נפתלין, וועלכער בלייבט אַ צע־טומלטער) וויכטיקע! (אָנגעשטרענגטע פּויזע. פעליע זעצט זיך צו, קאלטבלוטיק) אין האָטעל „סאַסקי" האָט זיך געכטן אין אוונט אָפּ־געשטעלט א גאַסט...

נפתלי:

(רייסט זיך אריין אין אלעמענס שטילשווייגן) נו!

פעליע:

(דרייט זיך אויס צו אים, קוקט אים אָן מיט געמאכטער גלייכגיל־טיקייט, קערט אָפּ דעם קאָפּ צו זשדזשאראקן) ער הייסט יוזעף צע־לינסקי.

אנטשפּאנונג. א פראגע אויף אלעמענס, חוץ נפתליס פּנים. נפתלי — נאָך מער געשפּאנט.

פּיאָטר:

איז דעריבער וואָס? עפּעס רעדסטו אזוי געהיימניספול!

פעליע:

העד ביזן סוף (באַהערשט, רואיק) אין זעלבן אָוונט האָט זיך אין האָטעל, ביי דעם האָזיקן גאַסט אין צימער באוויזן דער שפּיץ פון דעפענסיווע פּיאָנטקאָוויטש...

פּיאָטר:

(אָנגעשטרענגט, מיט פאַרווונדערונג) וואָס הייסט עס? אָן ארעסט? ווי קומט אונדזער אַ מענטש אין אַ האָטעל?

פעליע:

מיר האָבן גענוי פעסטגעשטעלט: יוזעף צעלינסקי — דאָס איז דער פאַלשער נאָמען פונם פּראָוואָקאַטאָר צעבנאָווסקי!

אלגעמיינע אָנשטרענגונג, אלעמענס אויגן עסן זיך איין אין פעליען, וועגדן זיך שפעטער פרעגנדיק צו זשדזשאראקן. נפתלי — מיט אן אויפגעעפנט מויל און פלאמיקע אויגן רוקט זיך צו נענ־טער צו פיאָטרן.

לאה:

(איבערגענומען מיט דער אלגעמיינער, אָנגעשטרענגטער שטימונג בלייבט שטיין מיט צוויי גלעזער טיי אין די הענט, דערנענטערט זיך צום טיש) טרינקט, איך בעט אייך, א גלאָז טיי (צו פעליען) טרינק טאָכטערקע.

זשדזשאראק:

(באהערשט, געלאסן) מ'וועט טרינקען, מומע, א דאנק, באמיט זיך נישט. (צו פעליען) טרינק אויס, פעליע. ביסט מיד. (פעליע באַ־טראכט אים מיט א פראגע אויפן פנים, זשדזשאראק מישט פאוואָ־ליע מיט דעם טיי־לעפעלע) ביסט דאָ נישט געווען. מיר האָבן זיך דאָ פריער צונויפגערעדט. פארוואָס אייגנטלעך פארשפעטיקסטו זיך?

פעליע:

(מיט נאָך מער פארוואונדערונג. באלד באווייזט זיך א שמייכל אויף איר פנים) ס'טרעפט אמאָל... (בייגט זיך נענטער צו צו זשדזשא־ראקן) די מוזט איצט זיין באזונדערס פאָרזיכטיק. היט זיך... טאָרסט נישט ארייַנפאלן... מיר דארפן באשליסן...

זשדזשאראק:

מיר האָבן שוין באשלאָסן. פארהעדענק: פיאָטר איז פאראנטוואָרט־לעך פאר גאנץ מעטאל, פאר בוי און פאר די כעמישע. (קוקט אויף פיאָטרן) ער האָט ברייטע פלייצעס דער אלטער, ווי? טשוויינעק נעמט אויף זיך ליעדער. יאָ? דו וועסט צוקלייבן עמעצן פאר כאָדל — פון די בעסטע. (גיט א זופ פון גלאָז) דער באש־לוס פון דער פארטיי איז — טיפער אין די מאסן! (זופט די טיי) און מיט די מאסן — קעגן שונא, קעגן פראָוואָקאציעס, באשיצן די פארטיי! (טרינקט מיט אמאָל אויס דאָס גאנצע גלאָז טיי. צו פעליען) דו שטעלסט איין נאָך צעכנאָווסקין א כסדרדיקן אויסשפיר. אויף קיין רגע לאָז אים נישט ארויס פון אויג. האָסט פארשטאנען?

**פעליע:**

כ'האָב פאַרשטאַנען. מ'מוז זיך אײַלן. ער איז געקומען עדות זאָגן אויף פּאַנטשישינס פּראָצעס. נאָכדעם קאָן ער נעלם װערן.

**זשדזשאַראַק:**

ס'איז קלאָר — ביזן געריכט טאָר ער נישט דערגײן! (פאַרטראַכט זיך, אַלעמענס אויגן זײַנען געװענדט צו אים) יאָ, װעמען גיבן מיר עס איבער?

נפתלי שטײט װי אַ צוגעשמידטער, מיט ברייט־צעעפנטע, בעטנ־דיקע אויגן.

**פעליע:**

(רויִק) איך האָב דאָך שוין אָנגעהויבן, טאַ...

**פּיאָטר:**

(אױסשלאָסן, קאַלט) לאָזט, מײַן האַנט האָט אַלעמאָל געטראָפן אין ציל.

**נפתלי:**

(רײַסט זיך דורך צו זשדזשאַראַקן, כאַפּט אים אָן בײַ דער האַנט) כ'בין אַ זעלנער. אַ געטרײַער זעלנער בין איך...

פאָרהאַנג

סוף פון צװײטן אַקט

# ד ר י ט ע ר   א ק ט

## 5־טע סצענע

א ווינקל אין א געדיכטן וואלד. ט ש ע ר מ א ק ליגט אויפן גראָז. דעם קאָפּ האלט ער פאריסן צום זון־אונטערגאנג. אויפן פּנים — טיפע זאָרג. ב ר י י ט ע ר גייט צווישן די ביימער, בייגט זיך אָפּט איין, הייבט עפּעס אויף, גייט ווייטער. ער בלייבט שטיין ביי אן אלטן, ברייט־צעצווייגטן בוים, קוקט זיך אין אים שטארק איין.

ברייטער:

זע, זע — א הארץ און אין מיטן א פייל! (דרייט זיך אויס צו טשערמאקן) ווו דו זאָלסט זיך נישט א קער טאָן — אומעטום דער טויט. א פייל אין סאמע הארץ...

טשערמאַק:

וואָס פלוידערסטו וואָס? ווייסט דען נישט — ס'איז א סימן פון פארליבטע...

ברייטער:

א שיינער סימן, אזא יאָר אויף זיי. קאַליקעס האָבן אים אוודאי אויסגעטראכט: נישט געקאָנט, ווייזט אויס, טרעפן איינער צום אנדערנס הארצן, האָבן זיי פון דערווייטנס, מיט פיילן געוואָלט טרעפן. אין די ראָמאַנען טרעפט מען אזעלכע שיסערס, וואָס האלטן אין איין אויפקען און אייקען — ס'קערט אויש די גאַל פון זיי. זאָלן זיי ביי מיר פרעגן — כ'בין אן אלטער זעלנער. געשאָסן און געטראָפן. (פארטראכט זיך) ס'רעדט זיך אזוי... אין ליבע, ברודערקע, איז עס גאָרנישט אזוי... און אז ס'מאכט זיך אמאָל, ס'איז אביסל טרויעריקלעך אויפן הארצן — איז ווער אייקעט עס? הער מיך טשערמאק: ליבע איז — אָ! (מאכט א באוועגונג, ווי ארומצונעמען אלץ ארום און צודריקן צום האַרצן) די גאַנצע וועלט!

טשערמאַק:

(שפּעט אים נאָך) די גאַנצענע וועלט... (שפּייט אויס) מיט אַלע אירע שלעק און כאָליערעס, (מיט איראָניע) מיטן פּראָוואָקאַטאָר צעכנאָווסקי אין דער מיטן...

ברייטער:

(פּלאָנטערט) כ'מיין. ס'איז נישט אַזוי, ווי עס רעדט זיך. מ'דאַרף עס אָבער דערפילן אָט אַזוי, ווי איך פּיל עס, פאַרשטייסטו? גייסט זיך טרעפן מיט דיין געליבט מיידל. ס'האַרץ ביי דיר האַלט ביים אַרויספאַלן. דו וואָלסט אַריבערגעהיפּערט גאַסן מיט אַלץ און אַלע־מען (לאָזט אַראָפּ דעם טאָן. מיט באַדויערן) און דאָ מוזטו גאָר האָבן די אויגן אין דער פּאָטילניצע — אַ ביין אויג זאָל אויף דיר נישט פאַלן... (פּויזע) אַזוי איז עס, טשערמאַק: אַ לעבן ווי האָלץ — און ס'איז נישטאָ מיט וואָס צו הייצן.

טשערמאַק:

(קוקט אים אָן קרומלעך, מיט פאַרדאַכט) זאָג אָפן — ס'איז דיר שווער אויפן האַרצן?

ברייטער:

(גייט צו נעענטער צו טשערמאַקן, זעצט זיך לעבן אים אויפן גראָז) און דיר איז גרינג? וואָס מאַכסטו פאַר אַן אָנשטעל? דו האָסט זיך געריכט, אַז מיר וועלן נאָכאַמאָל זיך דאַרפן דאָ טרעפן? איך האָב דאָך אים אויסגעלערנט האַלטן דעם שפּייער. דוכט זיך — אַלץ אין אָרדענונג... ווי לאַנג, מיינסטו, קאָן מען עס אַזוי זיין צווישן לעבן און טויט? (ענערגיש) הער נאָר, הער — האַלטן די היה ביים סאַמע עק און זי אַרויסלאָזן אַ גאַנצע פון די הענט.

טשערמאַק:

דו ווייסט שוין אַלץ — וואָס און ווען? וואָס באַלעבעסטו? קאָנסט שוין קיין רגע נישט צו וואַרטן.

ברייטער:

(בייגט זיך נעענטער צו צו טשערמאַקן, פאַרטרוילעך) כ'זאָג דיר דעם ריינעם אמת — עפּעס פאַרשטיי איך דאָ נישט. און דו? ווי מיינסטו? דעם פּיסטאָלעט האָט פעליקס אַ י ם געגעבן און נישט מיר — אַן אויסגעדינטן זעלנער נאָך פון צוואַנציקסטן יאָר, אַ? איז דאָס גלאַט

אזוי? אָדער... אָדער דאָס האָט אַ שטיקל שייכות מיט... אָט דעם הערצעלע מיט הער פייל אין דער מיט?

טשערמאַק:

(הייבט זיך אונטער, קוקט פארחידושט אויף ברייטערן) גיב זיך נאָר אַ טאַפּ אין דיין פּארלאָבטשעטן שמערן — דו ביסט, דוכט זיך, אין די הויכע גראַדוסן. אַן איינפאַל! נאָר ביי ברייטערן אין קאָפּ האָט געקאָנט אַזוינס אויפקומען. אומעטום זעט ער נאָר פארליבטע... נו, יאָ. מ'זעט דאָך. זי האָט אים ליב. וואָס איז דאָ צו ריידן... (כאפּט זיך פלוצעם) איז על־כן? קומט גאָר אויס ביי דיר פארקערט — נאַ דיר אַ פּיסטאָלעט דרשה־געשאַנק! (מיט כעס) הער זיך איין, ברייטער, דו ביזט שוין אינגאַנצן אראָפּ פון גלייכן וועג. כ'ווייס באמת נישט, נאָך וואָס האָט טשווינעק דיך באַדאַרפט אריינשלעפּן אין דעם גאַנצן עסק. וואָלסט זיך בעסער געגאַנגען אויף אַ ראַנדקע צו דער בלאָנדער, אָדער דער שוואַרצער...

ברייטער:

(מיט צונויפגעדריקטע ברעמען, דראָענדיק) פּאַוואָליע, דו. דיין קאָפּיטע איז צו קליין פאר מיין באַליעווקע. מיך שלעפּט מען נישט, דו הערסט! וואָס איז? טשווינעק קאָן מיך עדשט פון נעכטן? דוכט זיך, אַז כ'בין פון די ערשטע געווען אין לעדער־קעמערל. נאָך מיט הה־מיאַלן... ווען ער זאָל זיין, וואָלט ער געוווסט, וואָס אַזוינס ברייטער קאָן אויפטאָן...

אומבאַמערקט קומט אָן נפתלי. יומטובדיק אָנגעטאָן. מיט אויסגעפּוצטע שיך, אַ קראַוואַט, גלאַט צוגעקעמט.

טשערמאַק:

און אַזוי, מיינסטו, ווייסט מען נישט וועד־וואָס עס דאַרף ביי אונדז טאָן? אַז מ'האָט דווקא באַשטימט נפתלין — מסתמא דאַרף דאָך אַזוי זיין (קוקט כיטרע אָן ברייטערן) קום נאָר אַהער נעענטער (ברייטער בויגט זיך צו צו אים) הער מיט קאָפּ: נפתלי, פּאַרשטייסט — טאָמער פאַלט ער אריין — איז וואָס? די ריזיקע איז קלענער. אַ מינדערי־עריקער — קיין טויט־שטראָף וועט ער נישט כאַפּן. (נפתלי גייט צו נעענטער, בלייבט שטיין, אַ בלייכער, מיט צעפּלאַמטע אויגן, אָנגעשטעלט אויףביידן) אַזוי, מיין איך, איז עס. אַן אַנדער זאַך איז, ווען איך אָדער דו פאַלן מיר אריין — דאַ, זעסטו (מאַכט אַ

באוועגונג איבערן האלדז) איז דער אָנגעזייסטער קראוואַט שוין צער־
געריס.

ברייטער:

(מיט פאַרוואונדערונג) זע, זע — מיר איז עס גאָרנישט איינגעפאַלן!
מיינסט, אַזוי איז עס טאַקע?

נפתּלי:

(באַהערשט, ציילנדיק די ווערטער) און איך מיין אַנדערש... (טשער־
מאַק און ברייטער שפּרינגען אויף פון אומגעריכטקייט) איך מיין, אַז
מ׳דאַרף פריער האָבן די אויגן און די אויערן אויף אַן אָרט, וואָרים
ס׳קאָן זיין צו שפּעט זיך צו חידושן. מ׳קאָן אונדז דאָ אַלע, מיט
איין מאָל, צוקלאַפּן.

טשערמאַק:

(מיט גאַל) און ווו זיינען עס געווען דיינע אויגן און אויערן? ער
איז דאָך לעבן דיר פאַרביינגעגאַנגען. מיר זיינען דאָך אַלע געווען
אויפן אָרט און געוואַרט — אָט, און ער איז פאַרטיק. און דו (מיט
גרינגשעצונג) דו האָסט אים אָפּגעלאָזן. (אָנגרייפעריש) וואָס ביסטו
אַזוי זיכער, אַז צעכנאָווסקי וועט דיר טאָן די טובה און נאָך אַמאָל
זיך לאָזן מיטן העלבן הענג? די שולד וועט דאָך אויף אונדז אַלעמען
פאַלן.

נפתּלי:

(מיט איראָניע) אויף מיר, מסתּמא, צום ווייניקסטן... נישט אַזוי
טשערמאַק? כ׳בין דאָך נאָך אַ מינדערייעריקער. (זעצט זיך צו אויפן
גראָז, קאָפּעט מיטן אָפּצאַס די ערד. כאַפּט זיך פּלוצים. מיט איינגע־
האַלטענער אויפרעגונג) ס׳איז נישט אמת, איר הערט! ווי קומט איר
גאָר אַזוי צו טראַכטן? (היצט זיך) צי וואָלט די האַנט ביי מיר זיך
געקאָנט גאָר אויפהייבן, ווען כ׳זאָל גיין מיט דער אויסרעכענונג, אַז
דער שונא וועט צוליב מיינע 19 יאָר מיר גאָר אַ גלעט געבן איבער
די באַקן?!

ברייטער:

ווער זאָגט דען? מיר מיינען בלויז, אַז דו קאָנסט גאָרנישט זוכן,
ווי אַזוי די זאַך שטייט...

נפתלי:

זאָג, זאָג ביזן סוף. ווילסט זאָגן, אַז מ'האָט דווקא מיר געגעבן די אַרבעט, און עמעצער וויל זיך אונטער מיינע פּלייצעס פאַרבאַ־האַלטן, אַ מינדערווערטיקער! אַזוי מיינט איר? (אָנגעשטרענגט, פאַרדאַ־גהט) באַטראַכט זיך, חברים, וואָס רעדט איר? אַזוי טוט דאָך בלויז דער שונא (היציק) דאָס פאַרשלעפּט ער דאָך קינדער, ווייבער, באַ־האַלט זיך הינטער זיי, כדי אָפּצומאַכן די סאַמע שווידערלעכסטע פאַר־ברעכנס!

טשערמאַק:

כ'פאַרשטיי נישט, וואָס האָסטו זיך אָנגעצונדן? וואָס האָב איך דען אַזוינס געזאָגט?

נפתלי:

(מיט ווייטיק אין דער שטימע) ס'פאַרדריסט! לייבלעכע חברים זאָלן אַזוי טראַכטן וועגן מיר! (לאָזט אַראָפּ דעם קאָפּ, פאַרטראַכט) פּיאָטר דערציילט, ביי די רוסישע זעלנער איז פאַראַן אַזאַ שטייגער: פאַרן גיין אין אַן אַטאַקע — וואַשן זיי זיך אַרום, מען אָן ריינע וועש. (אויפגערעגט) ריין דאַרף מען זיין! אויך אין די געדאַנקען!

טשערמאַק:

לאָז אָפּ, טאַליק. לאָמיר ריידן צו דער זאַך (פּלאָנטערט) יאָ... ניין, טאַקע, וואָס איז מיט דיר געשען?

בריטער:

(צו טשערמאַקן) איצט האָסטו שוין קיין געדולד נישט. וואָס ביסטו ווידער פאַר אַן אויספאָרשער? ס'וועט קומען פּעליע, פּיאָטר — וועט מען אַרויסלייגן אַלץ אויפן וואַרשטאַט (צו נפתלין) האָסטו ביי זיך דעם פּיסטאָלעט?

נפתלי:

(דערשראָקן) וואָס איז דען? (שטייט האַסטיק אויף, פאַרשטעלט מיט דער האַנט די הינטערשטע הויזן־קעשענע) ווער האָט דיך געהייסן אים אָפּנעמען ביי מיר? (אויפגערעגט, עקשנותדיק) כ'וועל נישט אָפּ־געבן, הערסט, כ'וועל קיינעם נישט געבן!

בריטער:

וואָס טוט זיך מיט דיר, פאַרשטיי איך נישט. וואָס קאָכסטו זיך! אין אַזאַ צייט, ווי פעלט דיר נאָר איין? איך וויל ביי דיר אָפּנע־

מען? כ'וויל מיר זאָלן אויסנוצן די געלעגנהייט און נאָך אַמאָל א פּרווו טאָן. כ'האָב געפּאַקט א גוטן ציל (ווייזט אים אויף דעם בוים מיט דעם אויסגעקריצטן הארץ) יעסט, אין סאַמע הארץ — ס'איז א גוטער סימן.

נפתלי:

(שמייכלט פארלוירן) נישט איצט, ברייטערל, אז מירן זיך פונאנ־ דערגיין. (מיט זאָרג אין דער שטימע) פאַרוואָס איז נאָך פיאַטר נישׁ־ טאָ? האָסט אים צוווּיסן געגעבן?

טשערמאַק:

איך אויף דיין אָרט וואָלט זיך גאָרנישט געאיילט צו טרעפן פיאַטרן. ער שיט, — דער אַלטער, מיט טויטע קללות.

נפתלי:

(מיט א געמאַכטער רואיקייט) איז דעריבער וואָס? אז כ'האָב פאַר־ דינט — קומט מיר.

ברייטער:

וואָס הייסט — האָסט פאַרדינט? איך פאַרשטיי נישט. וואָס איז מיט דיר געשען?

נפתלי:

(מיט אן אויסדרוק פון פאַרלוירנקייט אויפן פּנים) א חרפה צו דער־ ציילן... כ'בין ארויס אין אַרבעטס־דעקל. גלייך פון ווארשטאָט, כ'האָב געטראַכט — אזוי וועט בעסער זיין. כ'וועל זיך אין די אויגן נישט וואַרפן. דעם פּיסטאַלעט האָב איך פאַרשמועקט אין דער רעקל־ קעשענע. אז כ'האָב צעכנאַווסקין דערזען, הייב איך אָן דעם פּיס־ טאַלעט צו שלעפן. א רגע — און אַלץ. און דאָ דערפיל איך, ווי דאָס בלוט הייבט מיר אָן אויסצורינען (פּויזע, שטיל) דער שפּייער האָט זיך אין הינטערשלאָס פאַרטשעפּעט (אויף טשערמאַקס און ברייטערס פּנים — אויסדרוקן פון אנטוישונג) כ'בין שוין גרייט געווען אָט אזוי, פאַר אַלעמען אין די אויגן, צערייסן אויף זיך דאָס מלבוש... צווישן מיר און דעם פּראָוואָקאַטאָר זיינען אויסגעוואַקסן זייר טיקע מענטשן. אזוי, ווי אין דער ערד וואָלט ער אריין. (גאָר שטיל) אָט דאָס איז אַלץ (ווענדעט אויףביידן זיינע טרויעריקע אויגן).

מישערמאַק:

(באטראַכט איס פון קאָפּ ביז די פיס) דערפאַר האָסטו זיך עס הייכט אזוי אויסגעפוצט, ווי דו וואָלסט זיך אויף א שמחה געקליבן, אָדער... אזוי ווי די רוסישע זעלנער?

נפתלי:

(צאַפּלט אויף) יאָ, אזוי ווי די רוסישע זעלנער! (פאַרקלערט. פויזע. הייבט אָן שטיל) פון קינדווייז אָן איז עס מיר פאַרבליבן. כ'וועל ביינאַכט נישט איינשלאָפן, ביז כ'וועל ביי זיך פון פריער נישט האָבן באשטימט, וועגן וואָס וועל איך מיט פאַרמאַכטע אויגן טראַכטן... א חדר־יינגל, ווייס איך, האָב איך געטרוימט וועגן א נייעם בגד מיט בלויע לאַמפּאַסן און קנעפּ, אזוי ווי ביי די גימנאַזיסטן. שפּעטער — וועגן א שיפס־קאַרט, פאָרן קיין אמעריקע...

ברייטער:

(אין נפתלי'ס טאָן) מאַכן א לעבן, האַרדי — אָפּ, יאָגן דעם זיבעטן שוויס, מאַכן א „מאָלער" — אמעריקאַנער גליקן.

נפתלי:

...כ'געדענק א נאַכט. די מאַמע איז צו מיר צו א טויט־דערשראָקענע. זי וועקט מיך, מיינענדיק — כ'האָב זיך צעזונגען, זאָגט זי, פון שלאָף. און דאָס אויף אַן אנדער לשון... כ'געדענק עס ווי היינט — דאָס האָט מיר פּיאָטר אויסגעלערנט... (הייבט אָן גאָר שטיל זינגען, מיט געפיל, די איבעריקע כאַפּן אונטער, אָן ווערטער):

סמיעלאָ מי וויבאָי פּאָידיאָם,
זא וולאסטי סאָוויעטאָוו,
אי קאַק אדין אומריאָם,
וו בעָרביע זא עטאָ.

(פויזע) הערסט מישערמאַק (חזרט איבער סקאַנדירנדיק) „אי קאַק אדין אומריאָם" ס'הייסט — אלע ווי איינער זיינען זיי גרייט געווען צו שטאַרבן און וועגן דעם האָבן זיי דאָס שענסטע ליד געזונגען.

ברייטער:

(פאַרטראַכט) וועד ווי וועד — איך ווייס דאָך גוט. צוויפל מאָל האָב איך דאָס דאָזיקע ליד געהערט אויפן פראָנט. זיי קאָנען, הערסט, מיט די לידער פּריטשמעליען דעם שונא. א גרויסער גלויבן איז אין זיי!

נפתלי:

אָט דאָס איז דאָך עס! (זינגט פאַר זיך אַליין, נאָך שטילער):

אי קאק אדין אומריאָם,
ווי באָרביע זא עטאָ.

איר הערט. געווען א נאכט, ווען כ'האָב ז י ך געזען, אָט אזוי, ווי ב'זע א י י ך איצט — צווישן טויזנטער, טויזנטער. מיר זיינען מיט פאָנען געגאנגען. צום תפיסה צוגעקומען. מיר רייסן טויערן. מיר ברעכן אויף טירן — אלע קאמערן זיינען שוין אָפן! און גראָד איז אזוי געשען, אז פון דער טיר, וואָס איך האָב אויפגעריסן איז ארויס עמעצע. אזא שיינינקע, אזא ליכטיקע... און אָט ווארפט זיך אויף מיר רחמיאל... אזוי פיל גליק! (פארטראכט. מיט פרייד אויפן פנים. זינגט — ווי פריער:)

אי קאק אדין אומריאָם,
ווי באָרביע זא עטאָ.

(קורצע פויזע)

ברייטער:

(פאַרטרוימט) אזוי וועט עס זיכער זיין, טאַליק. אזוי מוז זיין! אין רוסלאנד איז דאָך אזוי געווען...

נפתלי:

(כאפט זיך, הויבט אָן פליסטערן נערוועז) נעכטן האָב איך איינשלאָפן נישט געקאָנט. עפּעניען די אויגן — אויך נישט. א לאווינע מענטשן טראָגט זיך און טראָגט פארביי מיר, און אלע יאָגן זיך נאָך אים, נאָך צעכנאָווסקין! ס'הארץ, פיל איך, אָט — אָט פאלט עס ביי מיר ארויס. איך, איך מוז אים דעריאָגן! (בארואיקט, א שמייכל באווייזט זיך פלוצעם אויף זיין פנים) „א צער בעל חיימניק וואקסט עס" פלעגט מיין טאטע טענהן. כ'פלעג ערב ימים נוראים נישט וועלן גיין צום שוחט קוילענען דאָס כפרההענדל. ס'פלעגט מיך נודיען פון בלוט. (לאכט שטיל. ווערט באלד ערנסט) א מענטשן דערהרגענען — ניין... (אנטשלאָסן) ס'וועט זיך די האנט קיין טרייסל נישט טאָן — א פראָוואָקאטאָר! (ברומט)

אי קאק אדין אומריאָם,
ווי באָרביע זא עטאָ.

פון דערווייטנס הערן זיך, ווי א שטילער עכאָ, די לעצטע טענער פון דעם דאָזיקן ליד. אלע שטרענגען זיך אָן. דערזעען פּיאָטרן.

אן אויפגערעגטער, מיט אויסגעסטארטשעטע אויגן קומט אָן פּיאָטר. נפתלי קוקט אים גלייך אין פּנים מיט אן אויסדרוק פון שולדיקייט. טשערמאַק ווענדט אָפּ זיין בליק פון פּיאָטרן אויף נפתלין.

פּיאָטר:

(רייסט איבער די אָנגעשטרענגטקייט, נעמט פלוצעס אָן נפתלין ביי די אקסלען, דריקט אים צו צו זיך) וואָס ווייסט איר, וואָס ווייסט איר, חברה מיינע!...

נפתלי:

(אויפגערעגט, אייליק) הער מיך פריער אויס, פּיאָטר...

פּיאָטר:

וואָס האָב איך דיך אויסצוהערן? הערט מ י ך בעסער אויס. צי ווייסט איר וואָס דאָס באַטייט? (אונטערשטרייכנדיק יעדעס וואָרט) מעטאַל האָט זיך גערירט! חדשים־לאַנג — און גאָרנישט. אלע ארום טוען, שטרייקן, שטעלן זיך אנטקעגן — און ביי מיר אויפן פאבריק? מיטן הארצן זייגען, דוכט זיך, אלע מיט אונדז, אָבער געבן אזוי א א טרייסל, גישט לאָזן רייסן פון זיך שטיקער אלעמאָל, בעת נייע רעדוקציעס — דאָס גייט נישט און גייט נישט! (טריאומפירנדיק) עס גייט שוין!

נפתלי:

(נאָך אים ברייטער, טשערמאַק — מיטגעריסן) וואָס? ווי אזוי? ווען איז עס געשען?

פּיאָטר:

(צו נפתלין) אָט דאן, ווען ביי דיר האָט זיך עס פארהאקט... (נפתלי ציט זיך צוריק, לאָזט אראָפּ דעם קאָפּ) האָסט דאָך געזען, טשערמאַק, כ׳גיי און ס׳הייבט מיך אונטער. כ׳ווייס, אז זשדזשאראַק וועט עס צו מיין קאָפּ אויסלאָזן. (צו נפתלין) א י ך האָב דאָך ד י ר אפּגעטראָטן. און דאָ איז צעכנאָווסקי ווידער ארויס גאַנץ. פּלוצעס — כ׳דערפיל, ווי פון צוויי זייטן כאפּט מען מיך פאר די פּלייצעס (אלע דריי — געשפּאנט, פארוואונדערונג אויף זייערע פּנימער) אייגענע! צוויי פון מיין פאבריק. זיי זוכן מיך ארום, ווי מיט ליכט. אומעטום זייגען זיי אויסגעווען. ווייזט זיך ארויס, אז אין די קאַנווערטן

מיטן לוין האָבן עטלעכע צענדליק פון די מיניקע באַקומען רעדוק־ציעס. די מאָס איז שוין איבערגעגאַנגען. דער עולם שוט מיט פייער און אונדזערע, פאַרשטייט איר דאָך, גיבן צו היץ. מ׳איז אַלע אוועק אין פאַריין. ווען איך בין אָנגעקומען, האָט פּינקט דער פּעפּעסיאַק יאַזשאָמבעק געדרשנט. איר ווייסט דאָך, (מאַכט נאָך) „א שווערע צייט, מ׳דאַרף איבערוואַרטן, קריזיס, מ׳קאָן נאָך אַמאָל די גאַנצע פאַבריק צומאַכן". הכלל — ער סטראַשעט, בעט זיך. מיך צום וואָרט וויל ער בשום אופן נישט צולאָזן. מ׳האָט מיך אויף די הענט אַרויפ־געשלעפּט אויף דער טריבונע — דער עולם אַליין. מילא — כ׳האָב אַרויסגעלאָזט אַלץ, וואָס האָט זיך מיר אָנגעזאַמלט אויפן האַרצן (קוקט אַלעמען אָן מיט צונויפגעזשמורעטע שמייכלענדיקע אויגן. כאַפּט זיך פּלוצעם) כ׳דאַרף זשדזשאַראַקן האָבן נייטיק, ווי דאָס לעבן.

נפתלי:

פעליע וועט אוודאי וויסן, ווו מ׳קאָן אים טרעפן (איינגעהאַלטן, אָבער מיט קענטיקן אומרו) פאַרוואָס איז זי נאָך נישטאָ?

פּיאָטר:

(אַנטשלאָסן) הערט, מיינע טייערע, איר פאַרשטייט דאָך אַליין — ס׳איז נישטאָ מער קיין צייט זיך צו צאַצקען מיט דעם שטיק פאַד־לינע. איר פילט דאָך, מיט וואָס עס שמעקט איצט! (צו נפתלין) פאַר־שטייסט, טשווינעק — דו מוזט טרעפן! גראָד איצט מוזן זיי דער־פילן — אַלע, דאָ ביי אונדז, און אין וואַרשע — אַז וואָס פאַר א לאַנגע האַנט מיר האָבן! מעטאַל, ברידערלעך, דאָס איז עפּעס ווערט, אַ? ס׳וועט א הילך טאָן!

טשערמאַק:

וואָס איז דאָ צו רעדן? ס׳איז די סאַמע רעכטע צייט. איצט נאָך פאַרזוימען?

ברייטער:

נו, מאַלע וואָס עס טרעפט. אמת נפתלי?

טשערמאַק:

(קוקט אָנגעשטרענגט אויף פּיאָטרן. דערנעענטערט זיך צו אים) און אפשר, אַ? ס׳איז דאָך נאָך דאָ צייט. נפתלי איז יונג. דער יינגסטער צווישן אונדז. ער דאַרף לעבן! ער קאָן דאָך דערלעבן! (אַנטשלאָסן)

גיב מיר דעם פיסטאָלעט! איר זועט זען — דאָס לעצטע מאָל וועט עס אים זיין... אָט, זוי איר זועט מיך אַ לעבעדיקן! איך האָב דאָך שוין אין מיין לעבן עפּעס וואָס געטאָן...

נפתלי:

(גערירט) אוי וויל איך לעבן... דערלעבן! ס'איז דאָך אזוי נאָענט דער טאָג. איך פיל אים ממש... אָט, ווי ער וואָלט געאָטעמט אויף מיר. מיר זיינען פריי! קיין שונאים היטן מער נישט אונדזערע טריט. און אַלץ אַרום עטעמט אזוי טיף, וויל אזוי לעבן... (קערט זיך אום צו טשערמאַקן. ענדערט פלוצעם דעם אויסדרוק אויפן פנים. הארט. אנטשלאָסן) אָבער נישט קיין געשענקט לעבן, פאַרשטייסט?! קיינער זאָל מיר אים, פון רחמנות וועגן, נישט אונטערטראָגן!

פּיאָטר:

קלאָר, ווי זשע! און חוץ אַלעמען, וועד האָט עס געגעבן אַ רעכט צו ענדערן אַ באַשלוס? און דאָ איצט — ווען אַלץ דאַרף זיין פּינקטלעך, אויף זיין אָרט (דענערווירט זיך) וואָס האָט זיך פעליע פאַרהאַלטן, פאַרשטיי איך נישט. זי איז דאָך געגאַנגען די פּונקטן אויפסניי קאָנטראָלירן, צעטיילן. באמת, חברים, ס'איז דאָך מיר אַ שאָד יעדע רגע. כ'זאָג אייך — מיינע וועלן כאָך אַרויס אין גאַס אויך. אָ, איר קענט נישט מיינע לייט. ס'איז מעטאַל, ברידערלעך. (באַמערקט, ווי נפתליס פנים איז געוואָרן אָנגעשטרענגט. פּיאָטר קוקט זיך אַרום, דער־זעט, ווי צווישן דיביימער האָט זיך עפּעס אַ ריר געטאָן, לאָזט זיך מיטן גאַנצן קערפּער פאָרויס. דערזעט דער פאַמעלעך־אָנקומענדי־קער פעליען. בלייבט שטיין). זע, און מיר האָבן זיך שוין גאָר באַאומרואיקט. געמיינט, אַז עפּעס איז געשען.

אַלע פאַרשן אָנגעשטרענגט פעליעס פנים. דער אויסדרוק אויף אים — אַ שטרענגער, אַ פאַרשלאָסענער.

נפתלי:

(צודרינגלעך, באַאומרואיקט) זאָג, וואָס איז געשען... כ'זע דאָך.

פעליע:

לאָז... שפּעטער. מ'מוז ענדערן די פונאַנדערטיילונג פון די פּאָסטנס. פאַרפאַלן, מ'האָט אים דורכגעלאָזן (באַמערקט נפתליס אָנגע־שטרענגטן בליק) ער וועט זיך נישט אַרויסדרייען. לויט די ידיעות, וואָס מיר האָבן באַקומען, איז דאָס ווייכטיקסטע — באַזעצן דעם ראָג

האַליצקי און דעם האָג זואלאָווע. אויף דעם דאָזיקן אָרט וועל איך זיין און... (באטראכט יעדן באזונדער) און ברייטער. (צו טשערמאקן) דו העקסט משווינעקן, וועסט אים העלפן ארויסקריגן זיך, באשיץ אים. צוזאמען שאפן מיר א קייט — פון האנען טאָר זיך שוין צעב־נאָווסקי נישט ארויסקריגן...

פיאָטר:

(פארוואונדערט, בייסט די וואָנצן) איך פארשטיי דיך נישט. נו, און איך? וווּ איז מיין אָרט?

פעליע:

(אויף איר פנים באווייזט זיך פריער פארצווייפלונג, נאָכדעם ווייטיק. רעדט מיט א בעטנדיקן טאָן) פיאָטר, כ'פארזיכער דיך, מיר וועלן זיך אליין אן עצה געבן! (צו אלעמען — ענערגיש) א יאָ, חברים, מיר וועלן זיך אן עצה געבן?!

נפתלי:

אויף זיכער פיאָטר, דו גלייבסט דאָך מיר...

פיאָטר:

(מיט כעס) א סוף, לאָזט...

פעליע:

(פאלט אים אריין אין די רייד) פארשטיי פיאָטר — א י צ ט ט אָ ר־ ס ט נ י ש ט! אין קיין פאל טאָרן מיר ד יי ן לעבן נישט איינ־שטעלן.

פיאָטר:

(רעדט מיט א קאלטן, דורכנעמענדיקן בליק אין די אויגן) צו יונג ביסטו, טאָכטערקע, כדי צו באלעבאטעווען מיט מיין לעבן. ווער האָט דיר געגעבן דאָס רעכט? זשדזשאראק אפשר?

פעליע:

(גיט זיך א כאפ) זשדזשאראק... (איר שטימע ברעכט זיך איין, דרייט אָפ אויף א רגע די אויגן, פארשטעלט זיי מיט דער האנט)

נפתלי:

(גייט נאָענט צו צו איר) פעליע, וואָס איז מיט דיר געשען? פאר־וואָס שווייגסטו? אין אזא מינוט...

פּיאָטר:

(האַרט באַפעלעריש) זאָג, אָן שום באַהעלטעניש. מיר, דאָ, אַלע — מיר מעגן וויסן.

פעליע:

(מאַכט אַן אָנגעשטרענגונג איבער זיך. באַהערשט) זשדזשאַראַק איז אַרעסטירט...

דויערנדיקער, אַלגעמיינער שווייגן. אויף נפתּליס פּנים — גרויס פּײַן, וואָס גייט פאַמעלעך איבער אין פאַרגליווערטער פאַרביסנקייט. טשערמאַק — אויפגערעגט, פול מיט צאָרן. ברייטער — פירט שנעל מיט די אויגן פון איינעם אויפן צווייטן, ווי זוכנדיק אַ דערקלערונג, וואָס דאָס באַדייט.

פּיאָטר:

(קוקט אָנגעשטרענגט אויף פעליען.) וויאַזוי איז עס געשען?

פעליע:

נעכטן אין אָוונט. ווען ער איז צו זיך אויף דער דירה געגאַנגען. ווײַזט אויס, אַז מ׳האָט אים שוין לאַנג אָבסערווירט. און אפשר האָט אים צעכנאָווסקי באַמערקט. ער האָט זשדזשאַראַקן געקענט...

נפתּלי:

(מיט צעפלאַמטע אויגן) ער, אויף זיכער ער!

פעליע:

איך האָב זיך געבעטן בײַ אים — מ׳דאַרף איבערוואַרטן! נישט באַוועגן זיך, ביז מירן פטור ווערן פון פּראָוואָקאַטאָר. מירן אַליין דערליידיקן. און ער... (ווידער ברעכט זיך איין איר שטימע) אַלעמען אונדז האָט ער געהיט, כסדר געלערנט זיך היטן, געעצהט, געשטראָפט. און זיך האָט ער נישט געשוינט. אין אַזאַ צײַט! גראָד די לעצטע טעג האָט ער אים אַזוי געטראָגן. ער האָט זיך אַזוי געפרייט — נײַע קאָנטאַקטן באַקומען. בײַ מעטאַל...

פּיאָטר:

(דערשטוינט) נײַע קאָנטאַקטן בײַ מעטאַל, זאָגסטו? געוואַלד, ווי אַזוי האָב איך זיך עס נישט געכאַפּט! דאָס איז זײַן אַרבעט! זײַן האַנט אין מעטאַל־שטרייק!

נפתלי:

(ווי פארחלומט) אין יעדן אונדזער טראָט באַגלייט ער אונדז. ער היט, וואָרנט, לויערט, לערנט ווי אַזוי צו צילן און טרעפן אין ציל... ווי וועט עס אַצינד זיין, פּיאָטר?

פּיאָטר:

(פּאַרביסן, שטרענג) ס'וועט זיין אַזוי, אַז דער שונא וועט זשדזשאַ־ראַקס קלעפּ נאָך שטאַרקער דערפילן, ווי דען אַנדערש?

ברייטער:

אַזוי פיל קרבנות... נאָכאַנאַנד... אויף יעדן טראָט...

פּיאָטר:

און דו, וואָס האָסטו געמיינט? מיט איין זעץ — און פּטור! ניין, ברודערקע. ס'איז גאָר די קלעפּ נישט צונויפצורעכענען. וויפל איך געדענק זיי פאַר אָט די צענדליקער יאָר — און דאָך!...

נפתלי:

אָט אַזוי ווי יענער פויגל, וואָס ווערט אויפסניי געבוירן.

פּיאָטר:

ווי שטאָל, וואָס ווערט נאָך פאַרהאַרטעוועטער. אַזאַ כוח איז אין אונדז פאַראַן (כאַפּט זיך פּלוצעם) ס'איז קלאָר. האָסט נאָך וואָס איבערצוגעבן, פּעליע?

פּעליע:

(פּאַרביסן, באַפעלעריש) ד ו גייסט נישט פּיאָטר! ד י י ן אָרט איז ביי מעטאַל!

פּיאָטר:

(גוטמוטיק, ווייך) אַ סוף, אַ סוף. ס'וועט זיין אַזוי, ווי ס'באַדאַרף צו זיין. אַלעמען איז קלאָר, וואָס מיר טוען?

טשערמאַק:

וואָס איז נאָך פאַראַן דאָ צו רעדן? אַלץ איז קלאָר.

פּיאָטר:

איז — מיט הערפּאָלג! (שטרעקט אויס די האַנט צו נפתלין זיך צום געזעגענען).

נפתלי:

(אײליק, װי ער װאָלט זיך עפּעס װיכטיקס דערמאָנט, רוקט אָפּ פּיאָטרס האַנט) װאַרט אַ רגע, פֿאַרװאָס האָסטו מיר נישט דערמאָנט?! זשדזשאַראַק האָט דאָך אָנגעזאָגט... (גײט צו גאָר נאָענט צו טשערמאַקן און ברײטערן — רעדט שנעל. פּיאָטר, פּעליע קוקן אים נײַגעריק אָן) מיר מוזן אָנזאָגן אַלע אונדזערע מענטשן — אַלע, איר הערט! — אַלע מוזן צוריק אַרײַן אין פֿאַרײַן. (טשערמאַק, ברײטער — פֿאַרװוּנדערט) ניט צו פֿאַרשטײן: פֿון דרויסן טויג נישט! מיר װעלן װײניק אױפֿטאָן. מיר מוזן זײַן אינעװײניק. מיט אַלע אַרבעטער צוזאַמען. מיט די פּױלישע, מיט די אוקראַאינישע, מיט די ײדישע. אײן פֿאַרײַן מוזן מיר מאַכן. מיר מוזן זײַן צוזאַמען — װי אַלע אַרבעטער...

טשערמאַק:

(כעסדיק) װאָס זײַנען דאָס פֿאַר אַ רײד, פֿאַרשטײ איך נישט! אפֿשר איז דיר אײַנגעפֿאַלן צו שרײַבן אַזאַ מין צוואה.

נפתלי:

(שמײכלט, קוקט פֿריער אױף פּיאָטרן, נאָכדעם אױף פּעליען — פֿאַרהאַלט אױף איר זײַן בליק) אַ צוואה... נײ, נײ, װאָס רעדסטו? (צו טשערמאַקן און ברײטערן) ס'איז אַ באַשלוס. פֿון דער פּאַרטײ. זשדזשאַראַק האָט מיר אָנגעזאָגט (בײַ טשערמאַקן און ברײטערן ענדערט זיך דער אױסדרוק אױפֿן פּנים. ערנסט)

פּיאָטר:

ס'איז צײַט זיך פֿונאַנדערצוגײן (שטיל, פֿײַערלעך) מיט גליק, חברים, האַלט זיך! (דריקט אַלעמען די הענט. פֿאַרהאַלט זיך לענגער בײַ פּעליען, לאָזט זי נישט קומען צום װאָרט) היט זיך פּעליע, הערסט װאָס איך זאָג דיר אָן? (גײט צו צו נפתלין, נעמט אים אַרום, צעקושט זיך. גײט אַװעק. סיגעזעגענען זיך, פֿריער ברײטער און נאָכדעם טשערמאַק — גײען יעדער באַזונדער אַװעק אין פֿאַרשידענע זײַטן).

פּעליע:

(צאַרט) זאָג מיר טאַליק! מיר מעגסטו דאָך זאָגן...

נפתלי:

אָט אַזױ, װי זיך אַלײן.

פעליע:

(געריִרט) נו גוט. זאָג מיר, טייערער — דו ביסט זיכער אין זיך? ס׳וועט דיר סטייען כוחות?

נפֿתלי:

(נעמט האסטיק איר האנט אין זיינער. דריקט זי צו זיך) אזוי ווי כ׳בין זיכער אין נאָענטן אָנקום פון אונדזער באפרייונג... אזוי ווי כ׳בין זיכער, אז אויך דאן וועלן מיר מיטן גאנצן לעבן — אָן א ברעקל רעשט — גיין אויפן ערשטן פייער... כ׳וואָלט נאָר געוואָלט, אז אויך דאן זאָלן מיר זיין איינער לעבן אנדערן... צוזאמען...

פעליע:

ווי־זשע דען? איינער לעבן אנדערן... צוזאמען... אויף אייביק צו־זאמען!

נפֿתלי:

כ׳וויל... כ׳מיין... מיר וועלן זיי אָפּצאָלן... מיר וועלן ארויסרייסן פון זייערע הענט אונדזערע... די טייערסטע... די העלדישסטע... פאר אונדזער לעבן! פאר אונדזער גליק! (דריקט איר פעסט די האנט, קוקט באגייסטערט אין פעליעס אויגן)

פאָרהאַנג פאַלט לאַנגזאַם

## 6־טע סצענע

אויפן פלאץ — ווי אין דער צווייטער סצענע. א זומערדיקער נאָכמיטאָג.

אין דער טיף פון דער סצענע, ביי די הייזער, שטייען מענער, פרויען, לעבן זיי — עטלעכע קינדער. אלע פארטראכט, פארדאגהט. אייניקע זיצן אויף די בריקלעך. נעענטער צו דער לאמטערנע — א הייפל מענטשן, שמועסן שטיל.

עלטערער ייד:

און איר מיינט, אז דאָס קאָן טאַקע געמאָלט זיין? מאָמער מאכן זיי א פּאָגראָם? עס האָט דען א סך געפעלט בעת דעם בלבול אויף שמידעמען?...

ארבעטער:

ווער? וואָס? וואָס שרעקט איר די כענהז? כ'זאָג דאָך אייך: נישט יענע צייטן!

מיטליאַריקער ייד:

זאָל די שעה קיין נישט זיין. מ'קאָן זיך אויף אלץ ריכטן. ווו איז דאָס געהערט געוואָרן? א ייד זאָל אָפּטאָן אזא זאך!...

ארבעטער:

אוודאי, וואָס חען זאָל א ייד טאָן? דרייען ציצית? אָט רעדט איר און הייבט נישט אָן צו וויסן, וואָס איר רעדט (קוקט זיך פאָרזיכטיק ארום, דערזעט די קינדער, וועלכע הערן זיך אָנגעשטרענגט איין. צעשרייט זיך) איר וועט אוועקגיין פון חאַנען צי נישט? דער שוואַרץ-יאָר טראָגט אייך, ווו מ'באדארף נישט! גייט — שפּילט זיך, וואָס האָט איר דאָ צו הערן?! (די קינדער גייען אוועק נעענטער צו דער ראמפּע, ווארפן טרויעריקע בליקן אויף צוריק. זעצן זיך אויס ארום דער לאמטערנע. דער ארבעטער רעדט נאָך שטילער, סודותדיק. די ארומיקע בייגן זיך איין אים צו הערן). א ייד זאָגט איר. ער האָט דאָך זיי גלייך געזאָגט, אז ער איז א „רויטער". נו? (קוקט אויף דער צווייטער פרוי) איז וואָס איז דאָ שייך — ייד — נישט-ייד...

דער שיין פאלט אויף די מענטשן, וואָס זיצן אויף די בריקלעך.

ברוי אויפן בריקל:

...נישט באשערט לאָזן קיין ביסל נחת. פריער דער עלטערערס חתן. נאָכדעם האָט מען חער ייננגערער צוגענומען. איז די יונגע מויד ארויסגעקומען...

מיידל:

(גיט זיך האסטיק א כאפּ) וואָס רעדסטו? עמעצ איז שוין פריי...

פרוי אויפן בריקל:

(כעסדיק) וואָס איז? א חברטע דיינע? מיש זיך נישט! היט בעסער דעם קאָפּ דיינעם... (מיידל רוקט זיך אָפּ, ציט זיך באלד צוריק) נישט באווייזן זיך חערפרייען מיט דער טאָכטער, האָט מען דעם זון צוגענומען... חעם פרנסה-געבער... דוכט זיך אזעלכע איידעלע, שטי-לע קינדער...

יונגע פרוי:

איינע איז זי? טויזנטער מאמעס זיינען אָן קינדער געבליבן. א מגפה ...ווו א שטוב — פעלט עמעצער.

מיידל:

(היציק) האָט דאָך מאַקע נפתלי... פאר זיי... פאר אַלעמען...

פרוי אויפן בריקל:

שטילער, זאָג איך דיר! מיש זיך נישט. נישט דיין זאַך. קענסט נישט קיינעם — ווייסט נישט קיינעם...

די שיין פאַלט אויף די קינדער — צוויי יינגלעך, איין מיידל

ערשטער יינגל:

(צו דעם מיידל) ...דו וועסט גיין צו יענעם ראָג נאָס. פאַמעלעך... פאַמעליך (ווייזט ווי אזוי) איך וועל שטיין אָט אויף יענעם ראָג — זעסט? אנטקעגן. דו זאָלסט אויף מיר נישט קוקן. קענסט מיך נישט. און דו (צום צווייטן יינגל) דו גייסט אין מיטן, דאָס היטל אויף דער זייט — אָט אזוי, ווי א שיכורער. (שטעקט אריין די האנט אין די קעשענעס און גייט מיט א וואקלדיקן טראָט)

צווייטער יינגל:

כ'וויל נישט... זיי וועלן מיך דערהרגענען...

ערשטער יינגל:

נאר איינער, ווער וועט דיך דערהרגענען? מיר שפילן זיך דאָך אזוי...

צווייטער יינגל:

(פארעקשנט) כ'וויל נישט און שוין. זיי דו צעכנאָווסקי — איך וויל נישט.

ערשטער יינגל:

נו, וועל איך זיין! וואָס מיינסטו, איך האָב מורא? דאָס ביסטו א שרעקעוודיקער (מאכט א גרימאסע, ווי ער טרייסלט זיך) איך וועל זיין צעכנאָווסקי. ווי נאר כ'וועל צוקומען אָט אָ דאָ (ווייזט אויפן מיטן פלאץ) לויפסטו פון איין זייט, דו — פון דער צווייטער און ביידע מיט אמאָל — שיסט, שיסט, שיסט! און באלד — פיו, אנט־לויפט, קיין זכר זאָל נישט בלייבן, גוט?

דאָס מיידל:

נאַטעלע, ס'איז דאָך אזוי נישט געווען. מיין טאטע דערציילט...

ערשטער יינגל:

(קרימט איר נאָך) מיין טאַטע, מיין טאַטע... וואָס וויים דיין טאַטע? איך וויים בעסער. אַזוי איז עס געווען.

דאָס מיידל:

ער האָט דאָך נישט באַוויזן צו אַנטלויפן... זיי האָבן דאָך אים גע־כאַפּט (געהיימנישפּול) מ'זאָגט, אַז מ'וועט אים אויפהענגען...

ערשטער יינגל:

מ'זאָגט, מ'זאָגט... דאָס זאָגן זיי אַזוי. זיי ווילן זיך באַרימען. איך דער אמתן... (קוקט זיך אַרום, רופט זיי צו נענטער צו זיך) אַ מכה האָבן זיי אים געכאַפּט. נפתלי האָט זיך ביי זיי פון די פינגער אַרויסגעגליטשט (באַרימט זיך) איך קען דאָך אים! מיר וועינען אויף איין הויף. אים וועלן זיי כאַפּן? קיינמאָל נישט! (סודותדיק) מ'זאָגט, אַז ער איז שוין דאָ אין דער היים. ער באַהאַלט זיך אויפן בוידעם. אָבער חברה (מאַכט אַ וואָרענונגס־צייכן) שאַ!

עס דערהערט זיך דאָס געשריי פון צייטונגס־פאַרקויפער. די קינדער — דערשראָקענע, גייען אָפּ צו די בריקלעך. סיקומען אָן איי־נער נאָכן צווייטן די צייטונגס־פאַרקוייפער.

ערשטער צייטונגס־פאַרקויפער:

(רופט אויס אין גאַנג) „שטאַנד־געריכט איבער אַ יונגן קאָמוניסט!”

צווייטער צייטונגס־פאַרקויפער:

(קומט אָן נאָכן ערשטן, שרייט): „פּראָקוראָר פאָדערט טויט־שטראָף פאַר באַנטוויכעין!”

ערשטער:

(כאַפּט אַ קוק אויפן עולם, לייגט צונויף די הענט אויפן מויל, שרייט אויס פאַרטויבט) „עקסטראַ ניים! דערהרגעט אַ געפערלעכן שפּיצעל!”

(שטילער) „אויף אַלע איבעריקע געזאָגט געוואָרן...”

צווייטער:

(איבערגעשראָקן, וואָרנט) ביסט משוגע? זיי זיינען האָך איצט צוגע־רייצט ווי די וועלף...

ערשטער:

...און ציטערן, ווי די מייז! שפּיי אויף זיי! זיי זיצן איצט אין די בודעס און האָבן מורא די הינטישע נעזער אַרויסצושטעקן.

צווייטער:

(אַ בּאַרוּאיקטער, שמייכלט צו) כ׳גיי פאַרביי דעם געשטופּלטן פּאָליציאַנט אויפן ראָג — קוקט ער אויף מיר מיט אַ פּאָר שליפּיעס, אַז אַ קעלט איז מיר אַדורך די ביינער. ער האָט אוודאי געמיינט — דאָס בין איך אַ צווייטער באַטווין און גיי בּיי אים אָפּנעמען זיין פאַסקודנע נשמה. (כיכיקעט, רייסט איבער. אַ פאַרזאָרגטער) ווי מיינסטו, ער וועט זיך זיי טאַקע לאָזן, אַ לעבעדיקער?

ערשטער:

זיי נישט קיין יאָלד! (בייגט זיך צו צום צווייטן צייטונגס־פאַרקויפער) און דו מיינסט, אַז זיי האָבן טאַקע געכאַפּט דעם אמתן באַטווינען?... אָ! (ווייזט אַ פייג) געטראָפן דאָס אָרט! (געהיימנישפול) פאַרשטייסט, ביי די קאָמוניסטן פירט זיך אַזוי, אַז יעדער האָט אָפּשר צען נעמען. היינט גיי ווייס, צי דאָס איז דער אמתער באַטווין, אָדער עפּעס אַן אונטערגעשטעלטער, אַ ליפּע. איך זאָג דיר — ס׳איז אַ ליפּע! דער אמתער באַטווין איז נישט אַזאַ...

צווייטער:

(נייגעריק) וואָס, דו קענסט אים דען?

ערשטער:

(קוקט אויף אים מיט אַ זייטיקן בליק, ווי אָן צוטרוי) און אַז כ׳קען אים... איז וואָס? (קוקט ענערגיש אָן דעם צווייטן צייטונגס־פאַרקויפער, רעדט האַסטיק) דער אמתער באַטווין — אָ, ברודערקע, אַזאַ מין יאַט איז ער (ווייזט אויף דער הויך פון דער לאַמטערנע). ער איז אַמאָל אַ באָקסער געווען אין צירק. אַן אַטלעט. אַ פּאָר ידים האָט ער — אַזוי ווי די צוואַנגען. באַקומט זיך ווער אַריין אין זיי — הייסט ער שוין נחום (נאָך מער פאַרטרוילעך) מ׳זאָגט, אַז ער האָט שוין נישט איין פּראָוואָקאַטאָר געמאַכט אויף קאַלט.

צווייטער:

(מיט אומצוטרוי, טרויעריק) טאָ פאַרוואָס האָט ער זיך געלאָזט כאַפּן? האָסט הערהרגעט די כאָליערע — צי, מאַך פּיס. און ער שטייט איבערן פּגר און האַקט אין אים אַריין איין קויל נאָכן צווייטן.

ערשטער:

ווידער דאָס אייגענע! דו גלייבסט שוין אויך, וואָס זיי (ווייסט אויף די צייטונגען) שרייבן. (מיט גרינגשעצונג) אַקוראַט, ווי די פּרייערס...

צווייטער:

(פארזאָרגט) כ'האָב אַ גאַנצן פרימאָרגן זיך געדרייט אויף דער טרי־בונאַלסקע, ביים געריכט (צום ערשטן, וועלכער קוקט אים נייגעריק אָן) וואָס האָב איך מורא, וואָס? כ'האָב געזען ווי דיין קליענט, אָט דער פון אַנטקעגן — דער פראַנץ־יאָזעף, איז אַריין אין געריכט. באַטווין האָט, זאָגט מען, ביי אים פאַרבעט. דער אַ נפש — הערסט, אַזוי זאָגט מען — האָט געשאָטן אויף באַטווינען.

ערשטער:

(אויפגערעגט) מעג אויף אים די מכפּה נישט קומען?! ער וועט זיך שוין אויסריכטן אַ מיתה־משונה. וואָס מיינט ער — באַטווין וועט אים שווייגן?

צווייטער:

שוין ווידער? באַטווין זיצט דאָך...

ערשטער:

(צעטומלט) איז וואָס?... ס'פעלן אַנדערע... איך אַליין, גלייב מיר... (בייגט זיך אָן צום צווייטן) מ'זאָגט, אַז ווו מ'גייט און ווו מ'שטייט איז היינט פול מיט קאָמוניסטן!

צווייטער:

איז וואָס שווייגן זיי?! (טרויעריק) אַז כ'האָב נאָכדעם געזען אַריינגיין אין געריכט דעם ראַבינער גוטמאַן אין דעם יום־טובדיקן פראַק מיטן צילינדער, האָב איך געמיינט, אַז עמעצער וועט אים כאָטש אַ צי טאָן ביים פּאָלע, אים זאָגן: נאָך וואָס גייט איר אַהין?

ערשטער:

ווייסט נישט? אַ וואָראָנע, אַז זי דערשמעקט דעם טויט — אַזוי איז ער. האָט ער זיך גלייך געיאַוועט.

צווייטער:

מסתמא וועט ער אים מתוודה זיין. אַזוי פירט זיך.

ערשטער:

שוין, ער האָט אים שוין באַגראָבן? אַז נישט דערלעבן זאָלן זיי עס. און איך זאָג דיר דאָס מיניקע — ער וועט זיי אַלעמען אָפּטאָן אויף טערקיש...

סיגייען פארביי צוויי פּאָליציאַנטן אין דינסט־אוניפאָרם — מיט די לעדערנע פּאסקעס אויף די גאָמבעס, מיט גומע־שטעקנס אין די הענט. קוקן אויף אלעמען דורכדרינגלעך. טייל מענטשן לאָזן זיך אריין אין די הויז־טירן, טייל בלייבן שטיין — קוקן אָנגעשטרענגט, מיט שנאה אויף די פּאָליציאַנטן. פון דער ווייטנס הערט זיך דאָס זינגען פון הויף־זינגער. די צוויי צייטונגס־פארקויפער שרייען נישט הויך: א „היינט", א „מאָמענט", א „פאָלקס־צייטונג". די פּאָליציאַנטן גייען פארביי, די צייטונגס־פארקויפער אין זעלבן טאָן, נאָר שטילער, רופן אויס: „א מגפה"! „אן אויסרייסעניש!" „א מפּלה זאָל קומען אויף אייך!"

סיקומט אָן דער הויף־זינגער. פאַרעלטערט, די גרויע באָרד לענגער.

**דער הויף־זינגער:**

(גייט צו נאָענט צו דער לאַמטערנע, זינגט)

מע נעמט פון אונדז דאָס לעצטע קלייד,
דעם לעצטן ביסן ביי יתומים.
א נאכט א פינצטערע האָט זיך אויסגעשפּרייט
און דריקט, און שטיקט און שווינט אונדז קיי — יינעם.

(רופט אויס צו די מענטשן ביי די הייזער) שענקט עפּעס אן אלטן יידן, א קאליקע!

**ערשטער צייטונגס־פאַרקויפער:**

שטענדיק, זיידע, איז ביי אייך איין און דערזעלבער דאַווענען. קיין אנדער ניגון קאָנט איר גאָרנישט צוטראַכטן? ס'איז אזוי אויך אָנגעזאָליעט אויפן הארצן, דאַרפט איר נאָך צוזאַלצן מיט אייער מאָראַליש ליד. (מאַכט נאָך) „א נאכט א פינצטערע האָט זיך אויסגעשפּרייט" — אז פינצטער און וויסט זאָל זיי שוין זיין!

**דער הויף־זינגער:**

שטילער, יונגאַטש! וואָס ווילסטו, איך זאָל זיי (ווייזט אויף אלעמען ארום) איצט אויפשפּילן א פריילעכס? (מיט א געענדערטן, שטאַרקזקנישן קול) אים, דעם יתום נעבעך, פייניקט מען דאָרט... א וואָרט פון אים נישט ארויסגעריסן...

**ערשטער צייטונגס־פאַרקויפער:**

(געריהט) פון וואַנעט ווייסט איר עס, זיידע?!

**דער הויף־זינגער:**

(קוקט נישט אויף אים) אַלע זײַנען זיי אַזעלכע... מײַנע קינדער זײַ־
נען אויך אַזוי שטום געווען...

סיקומען אָן ארבעטער, פרויען, שטעלן זיך אָפּ. סיגייען דורך
סתם מענטשן, קוקן דערשראָקן אָן דעם עולם און ווערן שנעל נעלם.
סיקומט אָן טשערמאק — חושך, בלאַס, אָפּגעלאָזן. אביסל שפּעטער
ברייטער, שמיל, קאַץ.

**דער הויף־זינגער:**

(גייט אָפּ עטוואָס טיפער אין דער סצענע, זינגט)

ד אָ ס  ל י ד  װ ע ג ן  ב אַ ט װ י נ ע ן*

באַטווין, באַטווין, אין תפיסה־קאַמער
הער אויס אונדזער ליד.
כאָטש דײַן קערפּער איז געפאַנגען,
אָבער דײַן גייסט קאַנסט און זידט.

איינס ווייסן מיר אויף זיכער,
אַז דײַן שאָס איז א צייכן געווען:
פּראָוואָקאַטאָרן אַפּצורוימען
און בײַ אונדז צו וועקן דעם ברען.

איידער צו לעבן ווי די שקלאַפן,
הערדריקט צו ווערן פון קאַפּיטאַל,
בעסער קעמפן, אפילו שטאַרבן,
ווי א העלד אין שלאַכט פאַלן.

די לעצטע ווערטער זינגען מיט עטלעכע מענער און פרויען,
איינציקע ברומען אונטער. דער הויף־זינגער גייט פון איין גרופּע צו
דער צווייטער. סיפאַלן מטבעות, אויך פון די פענצטער.

**שמיל:**

אַזוי האָט מען געזונגען וועגן הירשקע לעקערטן, וועגן ברוך שולמאַ־
נען...

---

* איינער פון די פילצאָליקע וואַריאַנטן פון א פאָלקס־ליד וועגן באַטווינען.

טשערמאַק:

(פאַרטראַכט, מיט ווייכקייט אין דער שטימע) אַזוי... און אַביסל אַנ־דערש. (שמיל קוקט אים מיט פאָרוואורף אָן) הירשקע לעקערט איז דאָך צווישן די אייערע אײנציקע אַליין געווען. אייערע גרויסע לייט האָבן דערפון נישט געהאַלטן... און ברוך שולמאַן — זיין פּאַרטיי האָט דאָך פאַרלייקנט, האָט דאָך געשטערט... (פויזע) באַטוין (שטיל, האַסטיק) דאָס זיינען מיר, אַלע — טויזנטער, הונדערטער טויזנטער וואָלטן דאָס זעלביקע געטאָן.

כאַין:

(מיט א בעטנדיקן פּנים) וואָס ווילסטו, פאַרשטיי איך נישט? לאָז שוין אָפּ. פון אַזא טראַגעדיע שלאָגן פּאַרטיי־קאַפּיטאַל!

טשערמאַק:

(בייז) וואָס האָסטו געוואָלט? אפשר אוועקשטעלן זיך מיט א פּושקע: צדקה תציל ממות! אויפן קרן קימת עפּעס צונויפנעמען? א געלעגנ־הייט, אַ? (אויפגערעגט) אוודאי קאַפּיטאַל, דער גרעסטער! ווו נאָך האָט איר געזען אַזעלכע זעלנער! דעם טויט אין די אויגן — אַ!

שמיל:

און ביי אונדז, ביים בונד — איין משפּחה. ווער ס'קען די אמתע גע־שיכטע — ווייסט. אונדזער פּאַרטיי איז אויף באַריקאַדן געגאַנגען.

ברייטער:

(מיט אומצוטרוי) ווען איז עס געווען, חבר שמיל? — (קוקט אים שארף אָן) מיינסט דאָך אוודאי נישט די באַריקאַדע, וואָס מאַניש האָט אוועקגעשטעלט ביי דער טיר פון פאַריין, כדי נפתלין, קיינעם פון אונדז אהין נישט אריינלאָזן?!

קאַין:

לאָזט אָפּ, איך בעט אייך. א צייט געפונען. ס'איז דאָך אונדזער אַלעמענס בראָך. צוזאַמען האָבן מיר האָך מיט נפתלין אַזויפיל יאָרן געאַרבעט...

ברייטער:

און מיר וועלן נאָך מיט אים ווייטער אַרבעטן... (דערזעט דער אָנ־קומענדיקער פעליען. פאַרענדיקט די ווערטער שטילער) ...אַזוי ווי

ער! (דרייט זיך פּאַמעלעך אָפּ פּאַרויכערט ביי איינעם אַ פּאַפּיראָס, דערנענטערט זיך צו פּעליען) וואָס טוסטו? נאָך וואָס ביסט אַהער געקומען?

**פּעליע:**

(בלאָס, מיט שטרענג־אָנגעשפּיצטע אויגן) כ'מוז זיין מיט אייך. ווי קאָן איך אים איבערלאָזן אין אַזאַ מינוט! כ'מוז זיין מיט אייך, צו־זאַמען. ער איז דאָך מיט אייך, דאָ!

**ברייטער:**

(בארואיקנדיק) אוודאי, מיט אונדז. אָבער פּעליע, וואָס קאָן מען דאָ אויפטאָן? מוזט זיך אָפּהיטן. פאַר אונדז, פאַר דער פּאַרטיי, פאַר אים...

**פּעליע:**

ארויסרייסן אים פון זייערע לאַפּעס! (שטילער, בארואיקט) איז דאָ עטקע נאָך נישט געווען? זי האָט צוגעזאָגט, זי וועט זיך ארויסכאַפּן. איבערגעבן וואָס דאָרט קומט פאָר. ס'וואַרט אַ קוריער פון צ. ק. (הארט) מ'מוז אים ראַטעווען... אין גאַנצן לאַנד, אפילו אין אויס־לאַנד טוט מען, כדי אים צו ראַטעווען. מעטאַל וועט גיין צום גע־ריכט. בוי, כעמישע האָבן דערקלערט אַ פּראָטעסט־שטרייק. זע, אַז דאָ זאָל מען נישט שווייגן. מירן גיין צוזאַמען.

**ברייטער:**

אַלע וועלן גיין. מירן אַלץ טאָן. (בעטנדיק) גיי אוועק, פּעליע, כ'בעט דיר. דאָ איז דאָך געפערלעך.

**פּעליע:**

(גרינגשעצנדיק) געפערלעך? פאַרוואָס האָסטו עס נפתלין נישט גע־זאָגט? אוודאי געפערלעך! אָבער מיר וועלן אַלעמען אויפהייבן, פירן. אַזוי ווי זשדזשאַראַק האָט געהייסן... (באמערקט די אָנקומענדיקע עטקען) זי זעט מיך נישט. גיי צו איר צו. כ'וועל זיין אויפן ראָג. (גייט אַוועק אין אַ נאָענט געסל, ברייטער באַגלייט זי — אַביסל שפּעטער קומט ער צוריק אָן.)

ע ט ק ע — בלאַס, איינגעדאַרט, שוואַרצע־ברענענדיקע אויגן. דער גאַנג אַ דערוואַקסענער, געזעצטער. קוקט זיך אַרום, ווי זי וואָלט עמעצן געזוכט. דער גאַנצער עולם קוקט זי אָנגעשטרענגט אָן.

דאָס מיידל:

(רייסט זיך אָפּ פון דער גרופּע, וואָס זיצט ביי די טרעפּ, פאַלט צו צו עטקען, כאַפּט זי אַרום. עטקע קוקט זי פאַרווונדערט אָן) עטעלע, האָסט מיך נישט דערקענט? זע, זע, קוק זיך גוט צו...

פרוי אויפן בריקל:

(שטעלט זיך אויף) זע, ווי ווילד דאָס איז. גיטל! אַ הער גיי!

עטקע:

גיטעלע? ! זע סאַראַ גרויסע דו ביסט געוואָרן. (באַמערקט טשערמאַקן) טשערמאַק? ! דערזעלבער, אַזוי ווי געווען.

טשערמאַק:

ווי־זשע דען? שטענדיק דערזעלבער. און דו, עטקע, ביזט אַזאַ גרויסע געוואָרן. (שטילער, אומגעדולדיק) דערצייל, דערצייל. וואָס הערט זיך.

עטקע:

(באַטראַכט אים שאַרף, באַמערקט ברייטערן, וועלכער דערנעענטערט זיך מיט ביידע אויסגעשטרעקטע הענט צו איר) ברייטער! ווי גוט איז צו זען נאָענטע, פריינדלעכע פּנימער.

ברייטער:

עך, וואָלט זיך עס נפתלי דערפרייט מיט דיר.

עטקע:

ער האָט זיך טאַקע דערפרייט. מיר האָבן אַלץ אין תפיסה געוווסט. ווען מ'האָט נאָר דעם טויער געעפנט זיינען מיר אַלע ביי די קראַטעס געווען. מיר האָבן געזונגען. דעם „אינטערנאַציאָנאַל". די וועכטערס האָבן פון אונדז שטיקער געריסן. און מיר האָבן געזונגען. איך האָב אויף אים געקוקט און נישט געקאָנט אָפּרייסן די אויגן. אָט דאָס איז ער, מיין קליין ברודערל. אָט דער שטילער מאַליק? ! און ער — מען שטויסט אים מיט די ביקסן, מע טרייבט אים — און ער האָט פאַריסן העכער קאָפּ און די אויגן שמייכלען. ער שרייט און מיר הערן: „אַ דאַנק אייך — שרייט ער — מיינע חברים, אַ דאַנק!" איר הערט — פאַר אַלעמען האָט ער נקמה גענומען — און ער דאַנקט אונדז.

אין מיטן פון עטקעס רייד גייט דורך ביי דער זייט פון פלאַץ מאַניש. שטעלט זיך אָפּ. קוקט אלעמען אָן. באמערקט שמילן. עסט זיך איין מיט זיינע שפּיציקע אויגן אין אים. שמיל ענטפערט נישט, דרייט זיך אָפּ, הערט עטקעס רייד.

מאַניש:

חבר שמיל, זייט אזוי גוט (אלע ווענדן די אויגן צו אים)

שמיל:

(גייט צו נעענטער צו אים. בלייבט שטיין אין מיטן. מיט פּאַרדרוס, שטיל) איר וואָלט געמעגט האָבן דרך־ארץ!

מאַניש:

אזוי? איר ווילט מיך לערנען דרך־ארץ? וואָס טוט איר דאָ? אויף א קאָמוניסטישער מאסוווקע?

שמיל:

וואָס רעדט איר וואָס? א מאסוווקע? הערט, הערט, וואָס זי דערציילט.

מאַניש:

איר גייט צי ניין? (זעט, אַז שמיל רירט זיך נישט פון אָרט) מירן מיט אייך ערגעץ אנדערשוו ריידן! (גייט שנעל אָפּ)

עטקע:

(צו טשערמאקן) ער איז אויך דערזעלבער געבליבן?

טשערמאַק:

(ארויסצישענדיק צווישן די ציין) נאָך ערגער... דערציילט, ווי האָלט עס דאָרט, אין געריכט?

אַלע רוקן זיך נעענטער צו צו עטקען. דער אויסדרוק אויף איר פּנים ענדערט זיך. ווערט קאָנצענטרירט, שטרענג.

עטקע:

דער פּראָקוראָר האָט געענדיקט — „ער האָט אין אונדז אלעמען געשאָסן" ער פּאָדערט נפתלים לעבן. און ער זיצט אזא רואיקער, ווי ער וואָלט דאָ גאָרנישט געווען. קוקט אויף דער מאמען, אויף שרהן, אויף מיר — און שמייכלט.

ברייטער:

ער שווייגט די גאנצע צייט?

עטקע:

ניין, מיט זיין שווייגן רעדט ער אזוי, אז ביים פּראָזיצער פון גע־ריכט האָט שיר די גאַל נישט געפּלאַצט. זיי ווילן פון אים מאַכן א גראָבן יונג, א לעמעשקע, פאַרגיבן אים ווילדע פראַגעס. און ער, אזוי רואיק, ווי א מאָל אין דער היים, האָט זיי א זאָג געטאָן: „כ'בין נישט קיין געלערנטער. אוודאי. פון וואַנען זאָל איך עס זיין? מיין טאַטע האָט מיך נישט געלערנט. אָבער איינס וויים איך — אין פּוילן וועט זיין סאָציאַליזם! אזוי זאָגן מיר, קאָמוניסטן!" איז דער פּראָקוראָר גריין און געל געוואָרן.

א באוועגונג צווישן עולם, וועלכער דריקט אויס צופרידנקייט, באגייסטערונג.

בריימער:

(שטיל, פארטרוילעך צו עטקען) מ'מוז עס גלייך איבערגעבן. די וועלט מוז וויסן. פּעליעס ווארט. גיי גלייך, נאָך מיר (גייט אָפּ. עטקע מישט זיך אויס צווישן עולם, פארשווינדט)

עס קומען אָן עטלעכע פּוילישע און אוקראַיִנישע אַרבעטער. מיט זיי צוזאַמען פּיאָטר. צווישן עולם אויפן פּלעצל גייט דורך אַן אומרו. אייניקע ציִען זיך צוריק אין די הויף־טירן.

טשערמאַק, ברייטער און אנדערע, וועלכע באוויזן זיך צוריק. בארואיקן דעם עולם מיט אויסגעשרייען: „שרעקט זיך נישט!" „דאָס זיינען אייגענע!" „ארבעטער זיינען עס" „שטרייקערס" „מעטאליסטן" דער עולם אויפן פּלאַץ בלייבט שטיין, קוקט מיט חשד. שווערע שטילשווייגן.

פּיאָטר:

(צו די, וואָס שטייען נעענטער צו אים) וואָס איז דאָ ביי אייך, אזוי ווי אויף א לוויה? וואָס האָט איר די נעזער אראָפּגעלאָזט? מונטע־רער, מונטערער ברידער! וואָס איז? נישט איר — זיי האָבן דאָך געכאַפּט א בראָזג, נו, זיינען זיי זיך אוש פאַרגאַנגען. וואָס־זשע זייט איר טרויעריק?

פּוילישער אַרבעטער:

ווען איר זעט, וואָס ביי אונדז, ביי מעטאַל, טוט זיך. אונדזער עולם שטרייקערס לאָזט פון זיך הערן. מירן זיך נישט לאָזן. ווי הען?

קאַץ:

(ציט שמילן פארן ארבל) עפּעס גרייט זיך דאָ. קומט, שמיל. אין אזא צייט דאַרף מען זיין פּאַרזיכטיק. ווער וויים וואָס פאַר א פּראָ־

וואַקאַציע עס קאָן זיין (עס הערט זיך אַ ווייטער, אָבער הילכיקער פייף. קאַץ טרייסלט אויף) גלייכער דאָ נישט צו זיין. (שלעפט ענער־גיש שמילן פארן ארבל. שמיל רירט זיך נישט).

פיאָטר:

(באמערקט זיי) וואָס איז? וווּ איילט איר זיך? (קאַץ לאָזט אָפּ שמילס ארבל) נישט גוט, ברידער! אין אזא צייט ווילט איר איבער־לאָזן נפתלין? מ'דאַרף אים העלפן (צו אלעמען ארום) מ'דאַרף אים העלפן! מיר העלפן דאָך שטענדיק איינער דעם אנדערן, ארבעטער זיינען מיר...

קאַץ:

(כיטרע) מיט וואָס מ'שטיינס־געזאָגט קאָנען מיר אים שוין העלפן?! מ'האָט פריער געדאַרפט טראַכטן...

פיאָטר:

וואָס הייסט געדאַרפט? אוודאי האָט מען געטראַכט. נאָך אַ מין געטראַכט! (עקבערט דורך מיט די אויגן קאַצן, שמילן) איר זייט ארבעטער?

שמיל:

(ציט זיך צוריק אַ טריט. בייז) וואָס איז דאָס פאַר אַן אויספאָר־שונג? ניין, אַ מיניסטער בין איך.

אוקראַינישער אַרבעטער:

אַן ארבעטער, ווי דען? זעסט דאָך, אַן אונדזעריקער.

אומבאמערקט קומט אַן, עטקע. פון אַ צווייטער זייט — פע־ליע. מישן זיך אויס מיטן עולם.

פיאָטר:

כ'מיין, אַז איר — מיר אַלע זיינען דאָך אזוי שטאָלץ. אָט דאָ, פון דאַנען, אָט פון אונדזערע פאַרחושכטע געסלעך איז ער געקומען, אַן אָרעם יידיש ייִנגל. און אַ האַרץ — אַ?! אַ כוח! אַ גלויבן! באַטש נעם און פאַרטייל עס צווישן טויזנטער, מיליאָנען. (פאַר־טרוילעד) מ'דאַרף עס טאָן, חברים! מ'מוז עס נייטיק טאָן. עס זיי־נען דאָך פאַראַן אזוי פיל נישט גלויביקע, אזויפיל שוואַכע... (קוקט אָן גוטמוטיק שמילן, וועלכער לאָזט אראָפּ די אויגן) דאַרף מען זיי העלפן. אזוי ווי באַטוויזן האָט אונדז אַלעמען געהאָלפן!

**עטקע:**

(שטופּט זיך דורך) אין תּפיסה האָבן אפילו שוואַכע, די שוואַכסטע באַקומען כּוח. די תּפיסה רייסט זיך צום קאַמף. לאָמיר זיי העלפֿן!

**פּוילישער אַרבעטער:**

אָך, האָט עס געהאָלפֿן. פּעפּעסאָווצעס קומען צו אונדז, דריקן די האַנט. ווי דען? אַן אַרבעטער מוז דערשפּירן ווו דער אמת איז. באַטווין האָט געהאָלפֿן.

**קאַין:**

(איראָניש) שיין האָט ער געהאָלפֿן. ז י ך פֿאַרקירצן די יאָרן...

**פּיאָטר:**

(פֿאַלט אים אַריין אין די רייד, מיט כּעס) כּדי אונדז אַלעמען צו פֿאַרלענגערן...

צווישן עולם ווערט פּלוצעם אַ באַוועגונג. מענטשן הייבן זיך אויף פֿון די בריקלעך, אַלע קוקן אָנגעשטרענגט צו דער גאַס, רעכטס, דריקן זיך ענג צונויף, באַלד צעטיילן זיי זיך אין צווייען, מאַכן אַ דורכגאַנג — סיקומט אָן ש ר ה, פֿירט ל א ה ן אונטער די הענט. סירייסן זיך אַרויס צו זיי עטקע, פֿעליע.

**פֿעליע:**

מ א מ ע !

**עטקע:**

שרה, נו, ווי אַזוי? שוין דער אורטייל?...
אָנגעשטרענגטע שטילקייט

**לאה:**

(קוקט אויף אַלעמען מיט רויט־אָנגעשוואָלענע אויגן. מורמלט) ...צום טויט... מיין זון... מיין ליבטיקן זון... זיי האָבן געזאָגט — צום טויט...

**פּיאָטר:**

(גייט נעענטער צו צו לאהן, רעדט מיט כּוח, אַנטשלאָסן) ניין! צום לעבן! איר הערט — צום לעבן, זאָג איך אייך!

אַלע ווענדן זייערע בליקן צו פּיאָטרן. דאָס גאַנצע ליכט איז קאָנצענטרירט אויף דער ענג־צונויפֿגעדריקטער גרופּע. אַרום איז שטאָק פֿינצטער.

לאה:
(קוקט פארשטאַרט אויף פּיאָטרן) זיי האָבן אים אין קייטן גע־שמידט... זיי האָבן אים צוגענומען...

פעליע:
(מאַכט אַן אָנשטרענגונג זיך צו באהערשן. האלט לאהן ביי דער האנט) ער וועט לעבן! ער מוז דאָך לעבן...

לאה:
(קלאַמערט זיך אין פעליען) זיי האָבן אים פארמשפּט... צום טויט האָבן זיי אים פארמשפּט.

פּיאָטר:
נישט אים — זיך אליין האָבן זיי פארמשפּט. דיין זון, מאַמע, האָט אין זיי געטראָפן, וואַרפט עס זיי אַ קדחת. עס שלעפט זיי צוקער־נאָווסקי מיט זיך אין קבר אריין...

לאה:
טאָ ווי וועט עס זיין? זאָגט, מענטשן טייערע, ווי וועט עס זיין? זיי וועלן דאָך אים דערהרגענען!

פּיאָטר:
נפתלין דערהרגענען! סיידן זיי וועלן אונדז אַלעמען אויסמאָרדן. סיידן זיי וועלן אַלע מענטשן, אַזעלכע ווי נפתלי — טויזנטער, טויזנ־טער אויסשעכטן! נו, קאָנען זיי דען? נפתלין דערהרגענען! האָט העדט איר? זיי דאַרפן דאָך אַ וועלט פּאַרטיזאַנען — אַ וועלט מיט מענטשן, וואָס ווילן לעבן ווי מענטשן, נישט קוילענען איינער דעם אַנדערן, זיין צו זיך ווי ברידער, פריינד...

לאה:
(קוקט פארגאַפט אויף פּיאָטרן) זיינע ווערטער... נפתלים רייד...

שרה:
אַזוי פּונקט האָט ער זיי געזאָגט, איין געריכט. און זיי אַלע — די ריכטער, די פּאָליציאַנטן, אַלע האָבן זיי מיט די ציין געקריצט. ווי די שלאַנגען האָבן זיי געסיקעט און ער האָט גערעדט, ווי גוט עס וועט זיין אין דעם באַפרייטן לאַנד...

פעליע:
ווי גוט וועט עס זיין! און ער וועט דערלעבן — מיט אונדז אַלע־מען! ער וויל דאָך אַזוי שטאַרק דערלעבן!

**אוקראַינישער אַרבעטער:**

נישט אַנדעריש — אַזוי מוז עס זיין!

**לאה:**

(מיט צעשטרייטע בליקן, צו אלעמען) זיינע רייד... קינדערלעך מייר נע... וואָס־זשע וועט מיט אים זיין... ווו וועט ער דעמלט זיין...

**פיאָטר:**

מיט אונדז! אין אונדז — אָט, אין אונדזערע הערצער!

פון דער ווייטנס הערט זיך דאָס געזאַנג פון דער „רויטער פאָן"

**עטקע:**

איר הערט! מ'גייט שוין! צו נפתלין גייט מען!

**פיאָטר:**

ס'וועלן נאָך מער גיין. איר וועט זען, גלויבט מיר, מענטשן, כ'בין אן אלטער זעלנער. טאָמער פליגט איינער פון אונדז פאַלן — פליען מיר זיך נאָך ענגער איינער צום אַנדערן צודריקן. אַזאַ כוח פליגט אין אונדז אריין! טויזנטער מידע, שוואַכערע פליגן אונדז אַניאָגן... איר וועט זען — פון אומעטום וועלן זיך מענטשן אַ ציִ טאָן, צו נפתלין, מיט אים...

עס הערט זיך בולטער דאָס געזאַנג פון דער „רויטער פאָן". אלע הערן זיך אָנגעשטרענגט צו. עטקע רייסט זיך ארויס, נאָך איר עטלעכע מענער, זינגען:

קריעוו נאשאַן דלוגאַ לעיאַן קאַטי,
וציאַנזש פליגאָן ליודו גאַרזשקע לזי...

ס'רייסט זיך דורך אַ שאַרפע פייפעריי. דער עולם אויפן פּלאַץ גיט זיך אַ וויג צוריק.

**פיאָטר:**

שטייט ברידער, רירט זיך נישט פון אָרט!

**פוילישער אַרבעטער:**

(ענערגיש) האָט נישט קיין מורא! דאָס ווילן זיי זייער אייגענע שריט פארמרייבן!

**פעליע:**

לאָמיר גיין אַנטקעגן — צו באַטוויכען! מיט נפתלין!

נעמט ענערגיש לאהן און שרהן אונטערן אָרעם. פוילישער אַר־

בעטער נעמט עטקען אונטער איין האַנט, ברייטער — אונטער דער צווייטער. נאָך זיי הויבט אָן דער גאַנצער עולם זיך שטעלן אין רייען.

**ברייטער:**

לאָמיר גיין! אלע! צו נפתלין!

**פוילישער אַרבעטער:**

אונדזערער איז ער! מיט אונדז וועט ער זיין! באפרייען!

**פיאָטר:**

צו דער תפיסה! מיר וועלן אים באשיצן, אזוי ווי ער האָט מיט זיין לעבן אונדז באשיצט. צו באַטאַליאָנען, חברים, אין די רייען פון אונדזער פארטיי!

דער עולם גיט זיך א וויג פאָרויס. עס דערהערט זיך נעענטער דאָס געזאנג פון דער „רויטער פאָן".

**אוקראַינישער אַרבעטער:**

אונדזערע גייען! איר הערט סארא טראָט!

**פיאָטר:**

מעטאל גייט! מיט אונדז! מיט אונדזער פארטיי!

א סנאָפּ ליכט פאלט אויפן הינטערגרונט. פון דערווייטנס זעט זיך א סילועט פון א תפיסה־וואנט. דורך די קראטעס שטעקן ארויס הענט מיט רויטע טיכלעך.

**עטקע:**

האלט זיך, חברים, מיר וועלן אייך באפרייען!

דאָס געזאנג ווערט אלץ מעכטיקער. פון צייט צו צייט רייסן זיך דורך שאַרפע, אָפּגעריסענע פייפערייען. דער פוילישער אַרבעטער הויבט אויף איבער אַלעמענס קאָפּ אַ רויטע פאָן מיט דריי אותיות: ק. פּ. פּ.

**פיאָטר:**

פאָרויס, מיט נפתלי באַטאַליאָן!

**פאָרהאַנג פאלט לאנגזאם**

**סוף**

## אויסגאבן פון זעלבן אויטאָר:

1. „אינעם חודש יולי" —
שטרייק-רעפּאַרטאַזש, ווילנע, 1936 יאָר (דערשינען אומלעגאַל).

2. „מינסקער געטאָ" —
פאַרלאַג „עמעס" מאָסקווע 1946.

3. „נקמה־נעמער פון געטאָ" —
(אין דער רוסישער שפּראַך) פאַרלאַג „עמעס" מאָסקווע, 1947.

4. „יידן אָן געלע לאַטעס" —
סקיצן, פאַרלאַג „יידיש בוך", ערשטע אויפלאַגע 1948 יאָר,
צווייטע פאַרבעסערטע און פאַרגרעסערטע אויפלאַגע 1952 יאָר.